כאַיםביידער, שימען סאַנדלער,
נאָכעם קראַוועץ, העשל ראַבינקאָוו

# אַלעפּבייס



באַשטעטיקט פונעם אַפּטייל פון פאָלקס־בילדונג
פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט
אַלס לערנבוך

כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג
1982
















א־דע — דאָ



ע־דא — דאָ










עס, אדע!



א סאָד






דאָ
דאָס
סאָד
ער
דער
עס
דאָ־רע
רא־דא
סאָ־רע
אָ־דעס
אד־רעס
סע־דער





# דאָס ☐ א

| | | | |
|---|---|---|---|
| דאָ | דאָ־רע | ער | אָ־דעס |
| דאָס | רא־דא | דער | אד־רעס |
| סאָד | סאָ־רע | רעד | סע־דער |







# דאָס ☐ א














דאָס
סאָד
ראָז
רעד
ראָ־זע
זא־רא
דאָ־רע
רא־דא
ראָד
רע־דער
סאָד
סע־דער

**זע, ראָזע, א ראָד!**












זי          דיר

ד—י—ר          די—רע

ד—י—ר—ע          די—רעס



**דאָס איז אידע? דאָס איז אידע. זי איז דאָ.**




אי — ז　　איר　　זי
אי — ר　　דיר　　איז
אי — רע　　ריר　　זיס




— דאָס איז דאָרע?
— דאָס　איז — דאָרע,
דאָס　איז　ראָזע.



דאָס איז אירע. זי איז דאָ.








טא־טע
רי־טע
דא־טע
אי־טע
טא־ראס
רא־דיסט
אר־טיסט
טע־א־טער





ריטעס טאטע איז א ראדיסט.
אידעס טאטע איז אן ארטיסט.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ד | | | אָ | א |
| י | | ט | | ז |
| ס | | נ | | |
| | | ר | | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| | | | | |
| | | | | |
| | | | | ע |

# נ

נאָ־טע
די־נע
זי־נע
סאָס־נע



אָט איז אנע,
אָט איז נאנע,
דינע איז דאָ,
ריטע איז ניטאָ.

נ א!








אַנ־טאָן
ני־סן
אַ־ראָן
אָר־דען



אָט אַ אָרדען!



# !אין א ראָד



אין א ראָד,
אין א ראָד!
דינע, זינע —
טראָט אין טראָט!
אנע — דאָ,
דאָ — אראָן,
נאטע, נאָטע,
ניסן, דאָן.
אָט־אָט־אָט,
טראָט אין טראָט —
אין א ראָד,
אין א ראָד!



| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ד | ● | ● | אָ | א |
| י | ● | ט | ● | ז |
| ס | ן | נ | ● | ● |
| | ● | ר | ● | ● |

# וו

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| וו | ● | ● | ● | ● |
| ● | ● | ● | ● | ● |
| ● | ● | ● | ● | ע |





וואָרט, ווערטער, ווירע.

ווער, וואָס, ווי, ווינט, ווינטער



אין וו א ? ד

# דאָס איז...



## ווער איז דאָס?



זיבע



וואָווע



דינע

## וואָס איז דאָס?



א זאוואָד





## ווען איז דאָס?

רינט א וואסער,
רינט, ווי טרערן,
ווידער נאסער
סעדער ווערן.
די טעראסע איז א נאסע,
נאס די ערד, נאס די נאָז.
ווען איז דאָס?

ווער איז אין דער וואנע?
אין דער וואנע — אנע.






רו, דו, רוען, רוט,

טו, טוט, טוען.

## טוריסטן

ווע־רע, וואָ־ווע, א־נע, זי־נע,
נאָ־טע, ני־נע, נאָ־נע, די־נע —
ער און זי, און זי און ער,
דער און די, און די און דער.
א־רן, נאָ־סן, ני־סן, אי־רע,
זון און ווא־סער — אונ־דזער די־רע,
ווּ א טרא־סע, ווּ אן אָרט —
די טו־ריס־טן דאָ און דאָרט!




אונדז טוט

אונטן דו






דאָס איז אונדזער אוניווער...





און דאָס איז אונדזער טעאטער ט ו — ט ו — ט ו!

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | | | ד |
| ז | | ט | | י |
| | | נ | ן | ס |
| | | ר | | |

# וּ

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| | ו | וּ | | וו |
| | | | | |
| ע | | | | |



ווּ ווּנדער
ווּנד רוּוון



# ווּ איז רוּוון?

ווּ איז רוּוון?
ווּ איז רוּוון?
אין דער דירע?
אין דעם סאָד?
זעט א וווּנדער,
זעט א וווּנדער:
אין דער טוווּע
רוּוון — אָט!



| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | אָ | | | ד | ײ | | ו | וּ | | וו |
| ז | | ט | | י | | ײ | | | | |
| | | נ | ן | ס | | ע | | | | |
| | | ר | | | | | | | | |

# ײ



ט ײ

רײ
זײ
דרײ

נײ
אײ
נײן



עס ווייט א ווינט

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ● | ● | ד |
| ז | ● | ט | ● | י |
| ● | ● | נ | ן | ס |
| ● | ● | ר | ● | |

# ײַ

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ● | ו | וּ | ● | וו |
| יי | ײַ | ● | ● | ● |
| ע | ● | ● | ● | ● |



## רײַז

| יי | | ײַ | |
|---|---|---|---|
| זיי | דריי! | זײַן | דרײַ |
| ביי | ריידן | בײַ | רײַטן |
| ביין | ווייט | בײַן | ווײַט |



די רײַטער רײַטן ווײַט

א אָ ● ● ד
ז ● ט ● י
● ● נ ן ס
● ● ר ●

# וי

● ו וּ וי וו
יי ײַ ● ● ●
ע ● ● ● ●



## רויז



א י ר ע: אוי, זע! דאָ זײַנען רויזן, זיי זײַנען רויט.
א י ד ע: אוי—אוי—אוי! עס טוט וויי!
א י ר ע: אײַ—אײַ—אײַ! רײַס ניט, אידע,
די רויטע רויזן!




ז—יי　　ט—יי
ז—ײַ　　ט—ײַ—ע—ר
א—ז—וי　　ט—וי—ע—ר

ר—יי—ד　　וו—יי—ס
ר—ײַ—ט　　וו—ײַ—ס
ר—וי—ט　　וו—וי—ן

# רויטע רײַטער

אין א ריי, אין א ריי,
רויטע רײַטער זײַנען זיי.
ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער
רײַטן רויטע רײַטער.

| א יי | א ײַ | א ו י |
|---|---|---|
| רײ | ר ײַ ט | ר ו י ט |
| ז ײ | ז ײַ ! | ז ו י ע ר |
| טײ | ט ײַ ע ר | א ט ו י ע ר |
| װײט | װ ײַ ט ע ר | װ ו י נ ע ן |



אן אײ



אײַ!



אוי!



אײ—נ—ס



אײַ—ז




אוי—ס!



אײ—ע—ר



אײַ־ע־ר־ע ?



אוי—ע—ר



— דאָ וווינט ווערע ווײַנער?

— ווערע ווײַנער וווינט דאָ.

— וווּ איז זי?

— ווערע איז ניטאָ. זי איז אין סאָד.

| | | |
|---|---|---|
| וו־י | וו־יי | אי־ז |
| וו־י־נ־ט | וו־יי־נ־ט | אי־ר |
| וו־י־נ־ט־ע־ר | וו־יי־נ־ע־ן | אי־ן |

| | | |
|---|---|---|
| וו־וּ | וו־וי | איי |
| וו־וּ־נ־ד | וו־ו־יי־נ־ט | איי־נ־ס |
| וו־וּ־נ־ד־ע־ר | וו־ו־יי־נ־ע־ן | איי־נ־ע־ר |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | • | • | ד |
| ז | • | ט | • | י |
| • | • | נ | ן | ס |
| • | • | ר | • | |



| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| • | ו | וּ | וי | וו |
| יי | ײַ | • | • | ל |
| ע | • | • | • | • |





די לע—וואַ—נע
א לע—רער
א לאָ—טאָ
ליזע
לידע
לאָרע
לעאָניד



דאָס איז א לערערן



דאָס איז א לערער

# א לידעלע אָן ווערטער



לאָרע ווייסט א לידעלע,
א לידעלע אָן ווערטער:
— טרא־לא־לא,
טרא־לא־לא —
אָט א לידעלע אזא!

ליזע וויל דאָס לידעלע,
דאָס לידעלע אָן ווערטער:
—טרא־לא־לא, טרא־לא־לא —
דאָס לידעלע אָן ווערטער!

לאָרע, לאָרע, סײַוויסײַ
איז דײַן ליד אָן ווערטער,
לאָרע, לאָרעלע, אנטלײַ
איר די ליד אָן ווערטער!

— טרא־לא־לא, טרא־לא־לא —
אָט א לידעלע אזא!

לאָרע ווייסט און ליזע ווייסט
א לידעלע אָן ווערטער:
— טרא־לא־לא, טרא־לא־לא —
אָט א לידעלע אזא!

| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וו | וי | וּ | ו | ● | **ש** | ד | ● | ● | אָ | א |
| ל | ● | ● | ײַ | יי | | י | ● | ט | ● | ז |
| ● | ● | ● | ● | ע | | ס | ן | נ | ● | ● |
| | | | | | | ש | ר | ● | ● | |





שו—רע,
אָ—שער,
סא—שע
ייִ—דיש,
רו—סיש,
סאָ—ווע—טיש
א שול,
א טיש,
א שטול,
א שי—לער

לייענט און לערנט נײַע ווערטער:

די ש—וו—ע—ס—ט—ע—ר
ש—וי—ן



א שליטל



א שער



א שטול



א שול

# אַשער און זײַן שוועסטער

סאשע: זע, דאשע, ווער איז דאָס?
דאשע: דאָס זײַנען אַשער און זײַן שוועסטער ליזע.
סאשע: זיי זײַנען שוין שילער?
דאשע: אַוודאי, ער איז אַ שילער, און זי איז אַ שילערן.
סאשע: וווּ לערנען זיי?
דאשע: זיי לערנען אין אונדזער שול.
סאשע: וואָס לערנען זיי?
דאשע: אַשער און ליזע לערנען ייִדיש און רוסיש.



ווער זײַנען אַשער און ליזע?
וווּ לערנען זיי?
וואָס לערנען זיי?

סאשע, אַשער, דאשע און נאַטאַשע זײַנען שילער.
זיי לערנען אין דער שול רוסיש און ייִדיש.

א אָ ● ● ד
ז ● ט ● י
● ● נ ן ס
● ק ר ש

# ק

● ו וּ וי וו
ײ ײַ ● ● ל
ע ● ● ● ●







א סוק   א שאשקע   א קרײַדל

קלא—רע
קי—רע
וויק—טאָר
א—ליק
א—לעק—סאנ—דער
קאָל—ווירט
קאָ—לעק—טיוו



א טראקטאָר

# א סאָד




רעדל־ראָד,
רידל־ראָד,
נאטע־זלאטע
ווייסט א סאָד.
זי אליין נאָר,
ווײַטער קיינער,
און דער טאטע
ווייסט אוואדע,
און דאָס אייזל,
און די סטאדע,
דאָרע ווייסט,
און סאָרע ווייסט,
טיר און טויער,
נאָז און אויער,
טויערל אײַן,
טויערל אויס,
דאָ ארײַן,
און דאָרט ארויס —
נאטע־זלאטעס סאָד
איז אויס!

# אונדזער קלאַס

דאָס איז א קלאַס. דאָ זײַנען 2 טירן
2 שיינע ריינע טישן, 2 שטולן, 4 ווײַסע ווענט,
א סטעליע, א דיל, א טאָוול.
דאָ איז א ווײַס קרײַדל. דאָרט איז א קאַרטע.
און וואָס שטייט אין קלאַס ווײַטער?
אין קלאַס זײַנען קווייטן. זיי זײַנען שיין.



דאָ איז א לערערן. דאָ זײַנען קינדער: קלארע, קירע, אליק, וויקטאָר און אנדערע. זיי זײַנען שילער און שילערנס. זיי לערנען רוסיש און ייִדיש. זיי קענען שוין לייענען ייִדיש.

וואָס איז דאָס?
וואָס איז דאָ אין קלאס?
ווער איז דאָ אין קלאס?
וואָס לערנען די קינדער?



| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ● | ● | ד | **כ** | ● | ו | וּ | וי | וו |
| ז | ● | ט | ● | י | | יי | ײַ | כ | ● | ל |
| ● | ● | נ | ן | ס | | ע | ● | ● | ● | ● |
| ● | ק | ר | ש | | | | | | | |





כאָר
אכט
נאכט
לאכן
קאָכן
זוכן
רויכן
טײַכן
דעכער



כעוורע, כעוורע,
שטיל — קיין וואָרט!
אלע ווייסן
זייער אָרט.

נאט די נאָטן,
נאט די ווערטער,
און א כאָר א שיינער
ווערט איר!

| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וו | וי | וּ | ו | ● | ך | ד | ● | ● | אָ | א |
| ל | ך | כ | ײַ | יי | | י | ● | ט | ● | ז |
| ● | ● | ● | ● | ע | | ס | ן | נ | ● | ● |
| | | | | | | | ש | ר | ק | ● |







איך
אויך
נאָך
לאך
א רויך
א טײַך
א שוך

ניט קיין ווינטן,
ניט קיין קעלט —
שיין און ליכטיק
איז די וועלט.

שײַנט די זון
די שיינע אײַך:
— כעוורע, כעוורע,
קריך אין טײַך!



## דאָס איז — דאָס זײַנען

| | | |
|---|---|---|
| אַ טיש | אַ טישל | טיש—לעך |
| אַ ... | אַ ... ל | ...לעך |
| אַ ... | אַ ... ל | ...לעך |
| אַ ... | אַ ...ל | ....לעך |
| אַ ... | אַ ... ל | ....לעך |



| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ● | ג | ד | | ● | ו | וּ | וי | וו |
| ז | ● | ט | ● | י | | יי | ײַ | כ | ך | ל |
| ● | ● | נ | ן | ס | | ע | ● | ● | ● | ● |
| ● | ק | ר | ש | | | | | | | |

# ג







א ווא—גאָן

גע—נע

גרי—שע

גרי—גאָ—רי

גער—שן

גא—גא—רין






א ווי—גל



א גי—טא—רע

גערשן לערנט גוט.
גרישע לערנט גוט.
גיטע לערנט גוט.
גענע לערנט גוט.

א גוטן טאָג!
א גוטן טאָג, לערער!
א גוטן טאָג, שול!



| | |
|---|---|
| יונג | זינ—גען |
| ייַנ—גל | קלינ—גען |
| ייַנ—גע—לע | גרי—נע |
| ייַנג—לעך | גרי—נען |

— זײַט גרייט!
— שטענדיק גרייט!

| | |
|---|---|
| גיין | ביין |
| גיי | ביי |
| גאס | נאס |
| גוט | ניס |

| | | |
|---|---|---|
| זיג | קלוג | לאנג |
| זינג | קלונג | גאנג |
| זאנג | קלאנג | רינג |




## דער ער

דאָס איז א  דער  איז גרויס.
ער איז גרין.

דאָ שטייט א  דער  איז גרויס.
ער איז שיין.

דאָ שטייט א  דער  איז גרויס.
ער איז ריין.

## „א“ אָדער „דער“?

1. דאָס איז ... קלאַס. .... קלאַס איז גרויס.
2. דאָס איז ... טאָוול. ... טאָוול שטייט דאָ.
3. דאָס איז ... שילער. ... שילער לערנט גוט.
4. דאָ ליגט ... בוך. ... בוך איז שיין.
5. דאָ שטייט ... שטול. ... שטול איז ריין.

א אָ ב ג ד
ז ● ט ● י
● ● נ ן ס
● ק ר ש

ב

● ו וּ וי וו
יי ײַ כ ך ל
ע ● ● ● ●

בער, בע—רל,
בו—זי,
באָ—ריס,
באָ—רע,
בע—לע,
די באָ—בע,
דער בי—לעט,
דער בלײַ—ער,
דער באל—קאָן,
דער ברו—דער,
דער בריק,
דער בוך




בא גרין — גיי!
בא רויט — שטיי!

# זי קען ניט סײַוויסײַ...

לערער: וואָס טוסטו, בערעלע?
בערעלע: איך שרײַב א בריוול.
לערער: דו קענסט דאָך נאָך ניט שרײַבן!
בערעלע: נו איז וואָס, אראָן באָריסאָוויטש?
דאָס שרײַב איך בעלען, זי קען
סײַוויסײַ ניט לייענען.

# בוזי שרײַבט א בריוו



ליבע באָבע בעלע און זיידע באָריס!

איך שרײַב שוין רוסיש און יידיש. דאָס שרײַב איך אליין אײַך א בריוו. איך לערן זיך אין שול. אונדזער שול איז א נײַע. זי שטייט לעבן דער בירע. די געבײַדע איז זייער א שיינע. איך לערן זיך גוט. אלע אונדזערע שילער קענען שוין לייענען, שרײַבן און רעכענען.

איך גריס אלע באקאנטע און קוש אײַך. אײַער איינִיקל בוזי.











דער מאט — ראָס

דער מא—גא—זין

דער מאנ—טל

די מא—מע

די מו—מע

די מאר—קע

די מײַ—קע

מאכן — מאך

איך — מיך

מירע און מאשע גייען אין שול

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ב | ג | ד |
| ז | ● | ט | ● | י |
| מ | ם | נ | ן | ס |
| ● | ק | ר | ש | |

# ם

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ● | ו | וּ | וי | וו |
| יי | ײַ | כ | ך | ל |
| ע | ● | ● | ● | ● |







— קום, קום, קום מיט מיר!

שאָלעם־אַלייכעם
מענדעלע
מויכער־ספאָרים

קום! נעם!



## לייענט ריכטיק ס און ם




ב א ם    ב א ס    א י ם    א ו י ס
ר ו ם    ר ו ס    ס אָ ם    מ אָ ס
ק א ם    ק ל א ס    ק ר י ם    ג ר י ס

## מיר לייענען



**מ י ר ע: שאַ, קינדער,**
**דער לערער קומט!**
**ל ע ר ע ר: גוט מאָרגן, קינדער!**
**ק י נ ד ע ר: גוט מאָרגן! גוט מאָרגן!**
**ל ע ר ע ר: אַלע זײַנען דאָ?**
**מ י ר ע: אַלע זײַנען דאָ!**
**ל ע ר ע ר: נעמט די ביכער,**
**מיר וועלן לייענען.**

**די ראַם — די ראַמען.**
**דער בוים — דיביימער.**
**דער בוך — די ביכער.**

**זאָגט גיך:**

**מיר מאָלן מילן. מילן מאָלן מעל.**



# יורי גאַגאַרין

יורי גאַגאַרין איז דער ערשטער אין דער וועלט קאָסמאָנאַווט.

יורי גאַגאַרין איז דער ערשטער געווען אין ווײַטן קאָסמאָס.

דאָן איז דאָס נאָך געווען אַ גרויסער וווּנדער. אונדזער לאַנד גרויסט זיך, וואָס גאַגאַרין איז געווען דער ערשטער אין דער וועלט קאָסמאָנאַווט.

# וואָס טוט...?



דער לערער שרײַבט
ער שרײַבט ווערטער



דאָס קינד מאָלט
עס מאָלט א בילד



דער טאטע ארבעט
ער ארבעט גוט



דאָס ייִנגל זיצט
עס שרײַבט א בריוו.




מאנטל     מארקע     מאגאזין



טערמאָמעטער     מייַקע     מאטראָס

## דער – ער     די – זי

ער — דער מאנ—טל     זי — די מא—מע

ער — דער מארק     זי — די מו—מע

ער — דער מא—גא—זין     זי — די מאר—קע

ער — דער מאט — ראָס     זי — די מיַי—קע

ער—דער: דער טאטע, דער זיידע, דער ברודער

זי—די: די מאמע, די באָבע, די שוועסטער,

## דאָס – עס

דאָס בילד     דאָס קינד     דאָס ייִנגל

דאָסביימל     דאָס ביכל     דאָס טישל

דאָס לידעלע     דאָס טאָוועלע     דאָס קריַידל

דאָס גלעקעלע קלינגט,
דאָס גלעקעלע זאָגט:
— דער לימעד איז אויס!
א גוטן טאָג!

## א רעטעניש:



איך און דו — איינער דאָך,
ווען איך קרים זיך, מאכסטו מיר נאָך.

(א שפיגל)

מאשע מאָלט א רויז. די רויז איז רויט. מישע מאָלט א מײַזל. אָט אזא איז דאָס מײַזל. מירע מאָלט א שול. אָט איז איר שול. ראָמע מאָלט א מיל. אָט אזא איז די מיל. אלע קינדער מאָלן גערן. אלע קינדער מאָלן שיין.



# שאָלעם און נאָכעם מאָלן

שאָלעם און נאָכעם זײַנען ברידער. זיי זײַנען גוטע כאַווייִרים. שאָלעם זאָגט:

— נאָכעם, קום, לאָמיר מאָלן!

זאָגט נאָכעם:

— גוט, באַלד קום איך. איך נעם נאָר די בלײַערס.

און אָט מאָלן זיי. שאָלעם מאָלט א שטוב,



נאָכעם מאָלט א בוים.
דאָ קומט די מאמע.
— מיר מאָלן, מאמע, — זאָגן די קינדער.
— מע קאָן א קוק טאָן, וואָס איר מאָלט?

ביידע נעמען די געמעלן.
— זע, מאמע, דאָס איז מײַן שטוב, — זאָגט שאָלעם.
— און דאָס איז מײַן בוים, — באווײַזט נאָכעם.
— איר זײַנט ווילע קינדער, — זאָגט די מאמע. — איר מאָלט גוט.

ווער זײַנען שאָלעם און נאָכעם?
וואָס מאָלן זיי?
וואָס זאָגט די מאמע וועגן די קינדער?

א רעטעניש:

אלעמען באנייט עס,
אלעמען באקליידט עס,
און אליין נאקעט גייט עס.


(א נאָדל)










פּאַוועל,
סאָפּקע,
פּאַשע.
די פּאַרטע,
די פּילקע,
די פּאַלאַטקע.
דער פּענאַל,
דער פּילאָט,
דער פּיאָנער,
דער פּאָרטרעט.
דער פּאַראַד,
דער קאַפּיטאַן,
דאָס פּאַפּיר.



א פּאָמידאָר א פּענאל א פּארטע א פּאָפּוגײַ



דאָ ליגן 2 פּענאלן די פּענאלן זײַנען ברוין.



דאָ שטייען 8 פּארטעס די פּארטעס זײַנען ריין.



דאָ ליגן 3 פּאָמידאָרן די פּאָמידאָרן זײַנען רויט.



דאָ זײַנען 2 פּילקעס די פּילקעס זײַנען בונט.



דאָ שטייען 2 טישלעך די טישלעך זײַנען קליין.

א אָ ב ג ד
ז ● ט ● י
מ ם נ ן ס
● ק ר ש

פ

● ו וּ וי וו
יי ײַ כ ך ל
ע פּ פֿ ● ●







א פיש
דער פאקעל,
די פערמע,
דער פאָנטאן.
פוטבאָל.
מיר פרעגן,
מיר ענטפערן.
וויפל?
פון פאָרנט.
רופן,
שלאָפן,
לויפן,
פרעגן








איך לויף  דו לויפסט — לויף!  מיר, זיי לויפן

איך רוף  דו רופסט — רוף!  מיר, זיי רופן

איך שלאָף  דו שלאָפסט — שלאָף!  מיר, זיי שלאָפן




די שיפן, די שיף, פינף, פײַף!
דער טײַך איז טיף.
איך לויף ארויף און אראָפּ.
די שיף טוט א פײַף
און רירט זיך פון אָרט.

## זאָגט גיך:

אף פינף פורן פאָרן פישער,
פירן פרישע פיש.

# דער פּאָטער

פּיַיוולס פּאָטער איז אַ קאַפּיטאַן אַף דער שיף „גענעראַל פּאַנפּילאָוו". סאָפּעס פּאָטער איז אַ פּילאָט, אַ פּליִער. ער פּליט אַף אַן אעראָפּלאַן. פּאַוועלס פּאָטער איז אַ פּישער. ער שווימט אַף אַ שיף. ער כאַפּט פּיש. ראַפּיקס פּאָטער אַרבעט אין דעם יִישעוו טעפּלאָזערסק. ער אַרבעט אַף דעם פּיש־זאַוואָד. דאָ כאָוועט מען אויס קליינע פּישעלעך.

## לייענט ריכטיק פּ און פ:




| | |
|---|---|
| דאָס פּאָלק | דער פאָלק |
| איך פּאָר | די פאָר שיך |
| די פּאַס | דער פאַס |
| דער קנאַפּל | דאָס קנעפל |
| פּעטיע | פעדיע |
| פּאַוועל | פיַיוול |
| די פּאָלקע | די פיִאַלקע |
| דער פּאַקעט | דער פאַקעל |

מיט אַ פּינטל — שיך אַ פאָר,
אָן אַ פּינטל — פאָר און פאָר!

# פֿלײַסיק אָדער פֿויל?

— פֿײַוועלע, שטיי אויף! העלף דעם טאַטן אין גאָרטן.

— איך שלאָף נאָך!

— פֿײַוועלע, טו אַ לויף און קויף קאַרטאָפֿל.

— איך שלאָף דאָך!

— פֿײַוועלע, קויף פּוטער אַף פֿרישטיק און ברויט אַף מיטיק.

— איך שלאָף דאָך נאָך!

— פֿײַוועלע, נאַ געלט און קויף קאָנפֿעטן. דו שלאָפֿסט נאָך, פֿײַוועלע?

— ניין, איך שלאָף ניט. איך לויף, איך פֿלי!..



א אָ ב ג ד
ז ● ט ● י
מ ם נ ן ס
● ק ר ש

# צ

● ו וּ וי וו
יי ײַ כ ך ל
ע פּ פֿ ף צ





אי—ציק איז
א מי—לי—צי—אָ—נער.
צע—זאר
דער צימער
איצט
צען
א צעך
א צוים



א צירק
מיר ציי—לן: איינס, צוויי... צען, עלף, צוועלף (12), צוואנציק (20), צוויי און צוואנציק (22).

א אָ ב ג ד ז ● ט ● י מ ם נ ן ס ץ ק ר ש

# ץ

● ו וּ וי וו יי ײַ כ ך ל ע פּ פ ף צ





די קאץ,
דער פלאץ.
שווארץ, קורץ.

זיצן
טאנצן
שניצן
דאָס קעצל

— זיץ!
— טאנץ!
— שניץ!
קאץ



א טאנץ

מיר טאנצן: איינס—צוויי, איינס—צוויי!

# אונדזער קלאַסן־צימער

אונדזער קלאַסן־צימער איז גרויס און שיין. לינקס זײַנען פיר פענצטער. רעכטס זײַנען צוויי טירן. פאָרנט שטייט א טאָוול. לעם טאָוול ליגן קרײַדלעך און א ווישטיכל. פאָרנט שטייט א טיש. לעם אים שטייט א שטול. דאָ זיצט אונדזער לערערן. אף די פארטעס זיצן צוויי און צוואנציק (22) שילער און שילערנס. די שילער און די שילערנס לערנען ייִדיש. זיי קענען שוין ציילן: איינס, צוויי, דרײַ, 4, 5, 6, 7, 8, 9, צען, עלף, צוועלף...

די לערערן זאָגט:

— לאָמיר לייענען א לידל פון לייב קוויטקאָ:



מײַן ציבעלע וואקסט,  
די שפּיצן צעצויגן,  
דאָס ציגעלע וואַרפט  
צו דעם מיט די אויגן.

## לערנט די שפּריכווערטער:

צוערשט טראכט, דערנאָך מאכט!

צוערשט טוט, דערנאָך רוט! ווילסטו זײַן געזונט און שיין, שטענדיק וואש און פוץ די ציין!




לייע נ סטו איך לייע ן
לער נ סטו איך לער ן
רעכ נ סטו איך רעכ ן
לאכ סטו איך לאך
מא כ סטו איך מאך
זו כ סטו איך זו ך
נע מ סטו איך נע ם
קו מ סטו איך קו ם
קע מ סטו איך קע ם
לוי פ סטו איך לוי ף

שטייסט + דו = שטייסטו
שרײַבסט + דו = שרײַבסטו

# אין קלאַס



— דו זיצסט?
— זיצסטו?
— איך זיץ

— דו שרײַבסט?
— שרײַבסטו?
— איך שרײַב.

— דו מאָלסט?
— מאָלסטו?
— איך מאָל.

# מיר לערנען ייִדיש





— דאָס איז א שטול?
— ניין, דאָס איז ניט קיין שטול.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א טאָוול?
— ניין, דאָס איז ניט קיין טאָוול.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א טיר?
— ניין, דאָס איז ניט קיין טיר.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א בוך?
— ניין, דאָס איז ניט קיין בוך.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א טיש?
— ניין, דאָס איז ניט קיין טיש.
דאָס איז א .....

## זעצט איבער אױף רוסיש:



וואָווע האָט געלעבט אין שטאָט. נינע האָט אויך געלעבט אין שטאָט. באָריס עסט וויַינשל. נינע עסט מאַלענעס. די יאַגעדעס זיַינען געשמאַק.

איך צי — מיר ציִען.
איך פלי — מיר פליִען.
די קווייט בליט — די קווייטן בליִען.
איך מי זיך — מיר מיִען זיך.



## רוּוון וויל ניט פּרוּוון

— פּרוּוו נאָר, רוּוון, נעם די פּען,
ווי דו שריַיבסט, מיר ווילן זען!
נאָר רוּוון וויל ניט פּרוּוון,
ער זאָגט: — איך גיי זיך שפּילן,
איך וויל ניט, מע זאָל זען:
ווען אַלע כעוורע ווילן,
איך לייג אַוועק די פּען!..

דער

די

?

דאָס

## לייענט און שטעלט אַרײַן
## די דורכגעלאָזטע ווערטער

... לערער לייענט א בוך
... שילער שרײַבט א דיקטאַנט
... טאַטע אַרבעט גוט
... לערערן לערנט דאָס קינד
... שילערן זינגט א ליד
... מאַמע שרײַבט א בריוו
... לערער לייענען ביכער
... שילער שרײַבן דיקטאַנטן
... טאַטעס אַרבעטן גוט
... לערערנס לערנען די קינדער
... שילערנס זינגען לידער
... מאַמעס שרײַבן בריוו



## לאָמיר א ביסעלע זינגען

אין דער שול גייען מיר,
אין דער שול קומען מיר,
אין דער שול לערנען מיר
און שפּילן מיר...



אין דער שול גייען זיי,
אין דער שול קומען זיי,
אין דער שול לערנען זיי
און שפּילן זיי...



אין דעם קלאַס לייענען מיר,
אין דעם קלאַס שרײַבן מיר,
אין דעם קלאַס מאָלן מיר
און זינגען מיר...

אין דעם קלאַס לייענען זיי,
אין דעם קלאַס שרײַבן זיי,
אין דעם קלאַס מאָלן זיי
און זינגען זיי...



אין דעם גאָרטן שפּילן מיר,
אין דעם גאָרטן לויפן מיר,
אין דעם גאָרטן זינגען מיר
און טאַנצן מיר...

אין דעם גאָרטן שפּילן זיי,
אין דעם גאָרטן לויפן זיי,
אין דעם גאָרטן זינגען זיי
און טאַנצן זיי!

# אין ספּאָרט־זאַל



— דו שטייסט?
— שטייסטו? — איך שטיי.

— דו גייסט?
— גייסטו? — איך גיי.

— דו לויפסט?
— לויפסטו? — איך לויף.

— דו שפּרינגסט?
— שפּרינגסטו? — איך שפּרינג.

# אַך, זאָל טאָמיד זײַן נאָר זומער!



ווער קען אונטער וואַסער ליגן
און ניט צומאַכן די נאָז,
און זיך וויגן, וויגן, וויגן, —
שטעלט זיך אויס דאָ בא דעם גראָז!
אַך, זאָל טאָמיד זײַן נאָר זומער,
גוט געוועזן וואָלט, — כעוורע, טאָפּ!
זאָגט איר עפּעס אף דעם שווימער?
איך צום ערשטן שפּרינג אַראָפּ!

(לויט פּערעץ מאַרקיש)

# אין קלאַס




ער ט
ער זיצט
ער שרײַבט
ער מאָלט
ער זינגט

| | | |
|---|---|---|
| זי ט | מיר (ע)ן | זיי (ע)ן |
| זי זיצט | מיר זיצן | זיי זיצן |
| זי שרײַבט | מיר שרײַבן | זיי שרײַבן |
| זי מאָלט | מיר מאָלן | זיי מאָלן |
| זי זינגט | מיר זינגען | זיי זינגען |

# אין ספּאָרט-זאַל

| | | |
|---|---|---|
| ער גייט | מיר שטייען | זיי שטייען |
| ער שטייט | מיר גייען | זיי גייען |
| ער לויפֿט | מיר לויפֿן | זיי לויפֿן |
| ער שפּרינגט | מיר שפּרינגען | זיי שפּרינגען |

# דער זייגער גייט צו גיך?



אינדערפרי.
די שילער און די שילערנס גייען אין שול. נאָר לענע פרישטיקט נאָך.
— לענע, שוין אכט אזייגער, — זאָגט די מאמע.
לענע קוקט אפן זייגער.
— אונדזער זייגער גייט צו גיך, מאמע!
— ניין, לענאָטשקע, — ענטפערט די מאמע. — דער זייגער גייט ריכטיק, נאָר דו טוסט אלץ פּאמעלעך.

וואָס זאָגט לענען די מאמע?
וואָס ענטפערט איר לענע?
צי איז לענע גערעכט?

פאַרגעדענקט, ווי מע זאָגט:
די שווערסטע ארבעט איז ליידיק צו גיין.
אזוי, ווי די זריִע, אזוי איז די טוווּע.



זיבן אזייגער



אכט אזייגער



צוויי אזייגער

| | |
|---|---|
| אף+דעם = אפן | אין+דעם = אינעם |
| צו+דעם = צום | מיט+דעם = מיטן |

# דער זייגער איז אראָפּגעפאַלן

— מאמע, דער זייגער איז אראָפּגעפאלן!

— ווייי איז מיר, גיב א קוק, צי ער גייט?

— ניין, מאמע, ער ליגט און רירט זיך ניט פון אָרט...

**א רעטעניש:**

**גרין, ווי גראָז — נאָך ניט דאָס,**
**רויט, ווי בלוט — נאָך ניט גוט,**
**שווארץ, ווי קויל — נעם אין מויל.**

(ישראל)



איך מאָל      מיר מאָלן

דו מאָלסט      איר מאָלט

ער, זי, עס מאָלט      זיי מאָלן

**לויט אָט דעם מוסטער לייענט די ווערטער:**

שרייַבן, פרעגן, ענטפערן, זיצן,
לויפן, ציילן, שפילן, רופן

**א רעטעניש:**



זומער טוט ער אָן דעם פעלץ,
ווינטער טוט ער אויס דעם פעלץ.

(א בוים)

## לייענט און גיט צו די דורכגעלאָזטע בוכשטאַבן:

דער לערער פרעג...., און מיר ענטפער ...
דו זיצ ... און שרײַב ... א בריוו.
די שילערן צייל ... : איינס, צוויי, דרײַ.
די קינדער רופ ... : „קום, לאָמיר מאָלן‟



## ווער און וואָס גייט?



עס גייט
א שילער



עס גייט
א רעגן



עס גייט
דער זייגער

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך | זינג | מיר | זינג ען |
| דו | זינג סט | איר | זינג ט |
| ער, זי, עס | זינג ט | זיי | זינג ען |

# וואָס טוען די קינדער נאָך דער שול?

איך לייען א בוך.
דו שרײַבסט א בריוו.
זי לערנט ווערטער.
ער מאָלט א שיף.

מיר זינגען לידער.
איר שפּילט און לאכט.
זיי גייען שלאָפן.
— א גוטע נאכט!



# ניט





וואָווע שרײַבט?
וואָווע שרײַבט **ניט.**
ער מאָלט.

נאָטע און ריטע לייענען?
נאָטע און ריטע
לייענען **ניט.** זיי זינגען.

## ענטפערט אף די פראגעס:





די שילערן זינגט?

די שילערן לייענט?

# ניין–ניט

וואָס טוען די קליינע קינדער אין א קינדערגאָרטן?
זיי לייענען? זיי שרײַבן? זיי רעכענען? זיי לערנען?
זיי גייען אין שול? זיי זײַנען שוין גרויסע?
וואָס טוען די שילער אין א ספּאָרט־זאל?
זיי שרײַבן? זיי לייענען? זיי שלאָפן?

מוסטער: „—ניין, זיי לייענען ניט, זיי..."

## א רעטעניש:

א ווײַסער מויער און א געלער מויער.
וויל מען צוקומען צום געלן —
מוז מען צעברעכן דעם ווײַסן.

(אן איי)

## לאָמיר א ביסעלע ציילן



13, 14, 15, 16, 17, 18, 19

30, 40, 50, 60

70, 80, 90

| אי— —י | איי — יי | אײַ — ײַ |
|---|---|---|
| איז — זי | איי — גיי | אײַך — רײַך |
| איר — די | איין — דריי | אײַז — רײַז |
| אים — מי | איינס — שטיי | אײַל — פײַל |

| אוי— —וי | או — —ו | |
|---|---|---|
| אויס — גרויס | און | דו |
| אויך — טוי | אונטן | טוט |
| אויער — טויער | און — קו | |



# אין קלאַס

— זיצסטו?

— ניין, איך זיץ ניט, איך שטיי.

— ער זיצט?

— ניין, ער זיצט ניט, ער שטייט.

— שרײַבסטו?

— ניין, איך........איך ....

ער שרײַבט?

— ניין, ער........ער ....

— זינגסטו?

— ניין, איך........איך ....



נ — ן

נעם — ניין

ניי — ניין

שניי — שיין

כ — ך

כאפּ — לאך

כאָף — מאך

זוכט — זוך

מ — ם

מיל — אים

מאָל — סאָם

מיר — רום

פ — ף

פּיר — אף

פּלי — סאָף

פון — כאָף

צ — ץ

צו — נוץ

צי — זיץ

ציל — כוץ

# אין ספּאָרט־זאל



— שטייסטו?

— ניין, איך שטיי ניט, איך לויף.

— זי שטייט?

— ניין, זי.....,זי....

— גייסטו?

— ניין, איך.....,איך....

— זי גייט?

— ניין, זי....., זי....

— לויפסטו?

— ניין, איך....., איך....

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ב | ג | ד |
| ז | • | ט | • | י |
| מ | ם | נ | ן | ס |
| ץ | ק | ר | ש | |

# ה

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ה | ו | וּ | וי | וו |
| יי | ײַ | כ | ך | ל |
| ע | פּ | פ | ף | צ |






— ווי הייסטו?

— איך הייס הערשל.

— און ווי הייסט זי?

— זי הייסט האָדל.



א העפט



א הונט



א הון



א הויז



צוויי הינער

## לייענט ריכטיק:

| | |
|---|---|
| אלט — האלט | ער — הער! |
| אָן — האָן | ערד — הערט! |
| אָט — האָט | אָבער — האָבער |
| אין — הין | אויך — הויך |

## פאַרגעדענק די פֿאָלקס־ווערטלעך:

אז מע איז פויל,
האָט מען ניט אין מויל.

האָרעווע, מיידעלע,
וועסטו האָבן א קליידעלע.

ער האקט האָלץ: — העָ—עך!



# אַלע אַרבעטן אַףֿ דעם שאַבעסניק

הייַנט איז בא אונדז אין הויףֿ א שאַבעסניק. קיינער זיצט ניט אינדערהיים. אלע ארבעטן — די טאַטעס, די מאַמעס, די עלטערע ברידער און שוועסטער. אפילע די אלטינקע זיידעס און באָבעס זייַנען ארויס אין הויףֿ. די קינדער העלפן אויך. הערשל גראָבט ארום די ביימער, האָדל קערט אויס מיט א בעזעם דאָס מיסט.



הענעך פירט אָפּ דאָס מיסט אַף א וועגעלע. אלעמען איז הייס, אלע האָרעווען.

פלוצעם צעהאווקעט זיך דער הונט בארבאָס. ער האָט דערהערט א הודען פון א לאסט־אווטאָמאָביל.

הערשל און האָדל לויפן צו דעם טויער.

— אהער, אהער! — שרײַען זיי.

־ער שאָפער שטעלט אָפּ די מאשין. זי וועט אָפּפירן דאָס מיסט ווײַט הינטער דער שטאָט.

אלע זײַנען מיד, נאָר מע איז צופרידן: ריין און שיין איז אצינד בא אונדז אין הויף.

ווער ארבעט אַף דעם שאַבעסניק?
מיט וואָס העלפן די קינדער?
ווי:אזוי איז בא אײַך אַף די שאבעסניקעס?

# דאָס היטל

דאָדיק האָט אָנגעטאָן דעם טאטנס היטל און מיינט, אז ער איז געוואָרן א גרויסער. דאָס היטל האָט זיך אראָפּגערוקט איבער דער נאָז, אָבער דאָדיק האָט דאָס ניט באמערקט. ער האָט



גענומען א שטעקן אין דער האַנט
און איז אַוועק אין גאַס.
האָט א שאָכן דערזען דורך דעם
פענצטער דאָדיקן און א געשריי
געטאָן:
— היי, דו, היטל, וואָס טוסטו?
וווהין שלעפּסטו דאָס ייִנגעלע?

וואָס האָט אָנגעטאָן דאָדיק?
וווהין איז ער ארויסגעגאַנגען?
ווער האָט אים דערזען דורך דעם
פענצטער?
וואָס האָט דער שאָכן געזאָגט?

## זאָגט אויף רוסיש:

1. איך האָב א הונט. ער הייסט רעקס.
2. דו האָסט א קעצעלע. עס הייסט מורקע.
3. סאשע האָט א פּילקע. זי שפּרינגט הויך.
4. האָדל האָט א בלײַער. זי מאָלט א הויז.
5. מיר האָבן א כאַווער. ער הייסט העניך.
6. גרישע האָט א כאַווערטע. זי הייסט האָדל.
7. זיי האָבן העק. זיי האַקן האָלץ.

## שטעלט אַרײַן די דורכגעלאָזטע ווערטער

... לערער לערנט. ... לערערן שרײַבט. ... קינד מאָלט. ... מאַמע אַרבעט. ... ייִנגל לייענט. ... מאַמע קומט. ... מיידל גייט. ... ביימל איז קליין. ... בוים איז גרין. ... קלאַס איז ריין. ... קרײַדל איז ווײַס. ... ליד איז שיין.

## וואָס פעלט דאָ?

1. איך ...... אַ העפט מיר ....... העפטן.
2. דו ...... אַ בוך. מיר ....... ביכער.
3. ער ...... אַ בלײַער. זיי ....... בלײַערס.

# אַ לידעלע

איך האָב אַ ברעטעלע,
דו האָסט אַ העקל,
זי האָט אַ זעגעלע,
ער האָט אַ צוועקל.





ווער זשע קאָן שטערן אונדז —
טרא—לא—לא—לײַ,
מיר זאָלן פארנעמען זיך
מיט סטאָלערײַ?



מיר האָבן פלייטעלעך,
דו האָסט א פידל,
זיי האָבן פּײַקעלעך,
איר האָט א לידל.



ווער זשע קאָן שטערן אונדז —
טרא—לא—לא—לײַ,
מיר זאָלן פארנעמען זיך
מיט קלעזמערײַ?

## לייענט ריכטיק:

| | | | |
|---|---|---|---|
| יא | יא—געדע | יאנ—וואר | סענטיא—בער |
| יאָ | יאָ | יאָ—לקע | יאָ—ר |
| יו | יו—ן | יו—ל | יו—ד |
| יע | יע—ל | יע—לענע | יע—קאטערינע |
| ייִ | ייִ—ד | ייִ—דיש | ייִ—נגל |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| יאט | יאם | אַט | אן | יאן |
| יאָ | אָט | יאָד | אָדער | יאָדער |
| יעל | עטל | יעטן | ענטל | יענטל |
| יון | און | יול | אונדז | יונג |
| ייִד | אירע | ייִדיש | אין | ייִנגל |

## זעצט איבער אף רוסיש:

וואלדהיים איז א ייִשעוו ניט ווײַט פון בירא‌ָבידזשאן.
בירא‌ָבידזשאן איז דער צענטער פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט.
ארטעק איז א גרויסער פּיאָנער־לאגער בא דעם שווארצן יאם, ניט ווײַט פון דער שטאָט יאלטע.

# דאָס שטעקעלע פֿון וויעטנאַם



וואַקסן וואַקסט עס אין וויעטנאַם,
אין די וועלדער בײַ דעם יאַם.

אײַ־אײַ א שטעקעלע!

די וויעטנאַמער פֿון דעם מאַכן
הונדערט טויזנט שיינע זאַכן.

אײַ־אײַ א שטעקעלע!
עס איז באַמבוק א ווילע זאַך:
סײַ א סטעליע, סײַ א דאַך,
סײַ א וויגל פֿאַר א קינד,
סײַ א טינטערל פֿאַר טינט,
סײַ א בענקל, סײַ א טיש,
סײַ א קוישל פֿאַר א פֿיש,
סײַ א בענקל פֿאַר א פֿרײַנט,
סײַ א שטעקן פֿאַר א פֿײַנט.

אײַ־אײַ א שטעקעלע!

שיקע דריז

# דער יאָמטעוו פון גרויסן אָקטיאבער

דעם זיבעטן נאָיאבער איז בא אונדז א גרויסער יאָמטעוו — דער געבורטסטאָג פון דער סאָוועטישער מעלוכע. מיט א סאך יאָרן צוריק האָבן די ארבעטנדיקע פון אונדזער לאנד געזיגט אין אָט דעם טאָג איבער די סאָנים פון די ארבעטער און פויערים — איבער די בורזשויען.






דאָס פאָלק איז געוואָרן באלעבאָס איבער אלע רײַכטימער פון דעם לאנד: איבער דער ערד, איבער די זאוואָדן און פאבריקן.

קומט דער זיבעטער נאָיאבער — גייען אלע ארויס אף יאָמטעוודיקע פאראדן און דעמאָנסטראציעס. מע טראָגט פאָנען און פלאקאטן, עס שפילן אָרקעסטערס, אלע זינגען און טאנצן, אלעמען איז פריילעך.

די קינדער גייען אויך אף דער דעמאָנסטראציע. זיי טראָגן פאָנעלעך, בוקעטן בלומען.

זאָל לעבן דער גרויסער אָקטיאבער!

ווען איז דער געבורטסטאָג פון אונדזער סאָוועטישער מעלוכע?

וויאזוי פײַערט מען דעם גרויסן אָקטיאבער־יאָמטעוו?

# האָט באַ האָט

שײַנט די זון פון הימל רייִנעם,
און מיר שפּאַנען האָנט באַ האָנט,
הײַנט איז פריילעך יעדן איינעם —
הײַנט איז יאָמטעוו אין מײַן לאַנד!

מיזרעך, מײַרעוו, צאָפן, דאָרעם —
מיט אָקטיאַבער־שײַן באַהעלט.
שאַלט, טרומייטן!
שפּילט, קלעזמאָרים,
הערן זאָל די גאַנצע וועלט!

כאָטש עס איז איצט
האַרבסט אינדרויסן,
ווערט די סימכע ניט פאַרשטערט —
קומט אף אונדזער יאָמטעוו גרויסן,
אַלע קינדער פון דער ערד!



שרײַבט איבער
און לערנט אויסווייניק:

אונדזער לאַנד איז גרויס און שיין.
אונדז איז גוט אין אונדזער היים.

## לייענט ריכטיק:

פרי     קיִעוו     רויִק

| | | |
|---|---|---|
| פרי | גלי | טוי |
| פריִיק | גליִיק | טויִיק |




א שנייִיקער ווינטער.
א רויִקער טאָג.
א טויִיקער פרימאָרגן.
דער סטאדיִאָן. די אוויִאציע.
אוקראיִנע. דער פליִער.

## שרײַבט איבער די ווערטער:

פרי. פרייד. פריִער. פריִיק.
טו. טיי. טוי. טויִיק.
גלי. גליק. גליִען. גליִיק.
רו. רוי. רויִק.



## פארגעדענקט דאָס שפּריכוואָרט:

געבראָטענע טויבן פליִען ניט אליין
אין מויל ארײַן.

## לייענט און זעצט איבער אף רוסיש:

1. קיִעוו איז די הויפּט־שטאָט פון אוקראַיִנע.
2. דער פליִער פּרוּווט אויס די פלי־מאַשין.
3. יאַלטע איז אַ קוראָרט בײַ דעם שוואַרצן יאַם.
4. דער פרימאָרגן איז רויִק און שטיִק.
5. די פּיִאַלקעס בליִען.
6. אין אונדזער ראַיאָן וווינען רוסן און ייִדן, אוקראַיִנער און בוריאַטן.
7. הײַנט איז דער יאַם רויִק און העל־בלוי.
8. די סאָוועטישע אַרמיי, די אַוויִאַציע און דער יאַם־פלאָט שטייען אף דער וואַך פון אונדזער לאַנד.

הוידלקע, הייב זיך
העכער און העכער!
הייב אויף די קינדער
ביז די דעכער!



# פֿונקט ווי א האָז

זאָגט דער פֿוקס צו דעם העזעלע:
— קום אהער און קוק זיך צו.
איך בין פֿונקט אזא, ווי דו.
ניט מער, וואָס דו ביסט
פֿון מיר קלענער,
דער עק איז בא מיר שענער,
די נעגל זײַנען גרעסער,
און לויפֿן לויף איך בעסער,
איך בין א ביסל מער געניט
און איך האָב צו האָזן אפּעטיט...
נו, זאָג אליין, מיט וואָס
בין איך ניט קיין האָז?

בינ יאָמין גוטיאַנסקי



| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ב | ג | ד |
| ז | זש | ט | | י |
| מ | ם | נ | ן | ס |
| ץ | ק | ר | ש | |

# זש

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ה | ו | וּ | וי | וו |
| יי | ײַ | כ | ך | ל |
| ע | פּ | פ | ף | צ |







ליזשעס



א זשיראַף




דער זשורנאַל
„סאָוועטיש היימלאַנד"

ז + ש = זש

זע — זשע

זאַק — זשאַקעט

אַז — אַזש

וואַזע — וואַזשנע

א האָז — א יאָזש

ליזע — ליזשעס

# מײַן כאַווער זשעניע זשוקאָוו

איך האָב א כאַווער. ער הייסט זשעניע זשוקאָוו. ער וווינט אין אונדזער הויז אַף דעם צווייטן עטאַזש. מיר זײַנען גוטע כאַווײרים. מיר לערנען אין איין קלאַס. מיר שפּילן שטענדיק צוזאַמען.

זומער־צײַט גייען מיר ביידע אַף דעם פּליאַזש אָדער אין וואַלד. מיר זאַמלען פּליטערלעך, זשוקעס. ווינטער־צײַט לויפן מיר אַף ליזשעס.

ווען איך בין דעזשורנע, העלפט ער מיר. און ווען ער דעזשורעט, העלף איך אים. אונדז איז גוט: מיר זײַנען געטרײַע כאַווײרים.



וי הייסט דער כאַווער?
וווּ וווינען די כאַווײרים?
וווּהין גייען זיי זומער־צײַט?
וואָס טוען זיי ווינטער־צײַט?



## לייענט ריכטיק:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אי— | איר | אין | איך | איז |
| —י | פליט | פרי | בין | ווינטער |
| —יִ | רויִק | פריִיִק | פליִער | שנייִיק |
| או— | און | אונדזער | אונטן | אוליאנע |
| —ו | דו | טוריסט | גוט | בוך |

# א בריוו פון אַרטעק

**מײַן כאַווער יורע איז אַ פּיאָנער. זומער איז ער געווען אין אַרטעק. אָט איז זײַן בריוו צו מיר:**

„דאָ איז זייער שיין. באטאָג איז זייער וואַרעם. אינדערפרי איז טויִק. דער ים איז זייער גרויס, רויִק און בלוי.

אין אַרטעק רוען אָפּ פּיאָנערן פון אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן. אַהער קומען קינדער פון דעם שנייִקן נאָרילסק און פון דער בליִענדיקער מאָלדאַוויע, פון מאָסקווע און פון קיִעוו, פון לענינגראַד און פון מינסק.

דאָ לעבן צוזאַמען קינדער פון פאַרשיידענע

פעלקער און לענדער: רוסן און אוקראַיִנער,
בוריאַטן און ייִדן, געסט פון איטאַליע און סיריע,
פון וויעטנאַם און אינדיע. דאָס איז איין גרויסע
מישפאָכע. איך שיק דיר צו אונדזער ליד
וועגן שאָלעם.
יורע."



# די ליד וועגן שאָלעם

איך בין שווארץ,
און דו ביסט העל,
זי איז ברוין,
און ער איז געל.
אלע, אלע רופן מיר:
שאָלעם! פרידן!
פאטשע! מיר!
איבער אונדז
די פאָן איז רויט!
קעגן הונגער,
קעגן נויט
אלע, אלע זײַנען מיר, —
שאָלעם! פרידן!
פאטשע! מיר!






א אָ ב ג ד ה ו וּ וי וו

ז זש ט טש י יי ײַ כ ך ל

מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ

ץ ק ר ש

# טש





**לייענט ריכטיק:**

טשײַניק
טשוואָק
טשערעדע
ריטשקע
טשאבאן
טשוב
שטאָק
שטערן
שטאב
שטײַג
פרישטיק
שטוב



טשעמפּיאָן

# א ריטשקעלע

מורמלט זיך א ריטשקעלע:
— מור, מור.
ווארפט מען דעם א שטיינדעלע:
— בור, בור.
קומט אהער א ציגעלע:
— היפּ, היפּ.
לאדט דאָס איַין דאָס ריטשקעלע:
— זיפּ, זיפּ....

לייב קוויטקאָ

## א רעטעניש:

פינף שטעקעלעך אין פינף זעקעלעך,
יעדעס שטעקעלע אין זיַין זעקעלע.

(הענטשקעס)



פרילינג



זומער



הארבסט



ווינטער

# ביידע זײַנען גערעכט

בערל האָט געזאָגט:

— צו פרילינג ווערן די נעכט קירצער.

— פאַרקערט, — האָט געענטפערט מאשע, — צו פרילינג ווערן די טעג לענגער.

— ניין, די נעכט קירצער! — שרײַט בערל.

— ניין, די טעג לענגער! — שרײַט מאשע.

צעלאַכט זיך די מאַמע:

— וואָס קריגט איר זיך? איר זײַנט ביידע גערעכט!

האָבן בערל און מאשע א טראַכט געטאָן און זיך אויך צעלאַכט.

וואָס האָט געזאָגט בערל?
וואָס האָט געזאָגט מאשע?
פאַרוואָס האָט די מאַמע זיך צעלאַכט?

א רעטעניש:

געווען 12 ברידער: 3 האָבן די ערד געפּוצט, 3 האָבן געוואַרעמט, 3 האָבן רעגנס געגאָסן, 3 האָבן שנייען געשאָטן.

(פרילינג, זומער, האַרבסט, ווינטער)

# גימנאַסטיק



ביכער, העפטן — אַלץ פֿאַרמאַכן:
לאָמיר איצט גימנאַסטיק מאַכן.
איינס, צוויי, איינס און צוויי,
שטעלן מיר זיך אין אַ ריי.
— הענט אַרויף! הענט אַראָפּ!
הענט אויף אַקסל, הענט אויף קאָפּ!
הענט צוריק, און הענט פֿאָרויס!
אָטעם אײַן, אָטעם אויס!
טו אַ דריי זיך שנעל און פֿלינק
באַלד אויף רעכטס,
און באַלד אויף לינקס.
אָט די ברעמען, אָט די אויגן,
אָט די קני און עלנבויגן.
דאָ — דאָס מויל, דאָ — די נאָז.
ביידע באַקן ווערן ראָז.
דאָ — די ליפּן, דאָ — די צונג,
טו אַ הייב זיך, טו אַ שפּרונג.
מיט די הענטלעך —
קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ.
מיט די פֿיסלעך —

טאָפּ, טאָפּ, טאָפּ!
ווי די גענדזעלעך —
גאַ—גאַ—גאַ!
ווי די קראָעלעך
— קראַ—קראַ—קראַ!
— זײַט געזונט!
— פיזקולט! — הוראַ!





## די זון און די לעוואָנע

(אַ שפּאַס)



— וואָס ברענגט מער נוצן, — האָט געפרעגט דער לערער, — די זון צי די לעוואָנע?

— פאַרשטייט זיך, די לעוואָנע, — האָט געענטפערט כאַים.

— פאַרוואָס?

— ווײַל די לעוואָנע שײַנט באַנאַכט, ווען עס איז פינצטער, אָבער ווער דאַרף האָבן די שײַן פון דער זון, ווען באַטאָג איז סײַווי־סײַ ליכטיק?





# די צײַט

א יאָר האָט 12 כאַדאָשים:
יאַנוואַר — איז איינס,
פעוורואַל — איז צוויי,
און מאַרט — איז דרײַ.
נאָכדעם גייט אַפּרעל און מײַ.
יון — איז זעקס,
יול — איז זיבן.
וויפל זײַנען נאָך געבליבן?
אווגוסט — אַכט,
סענטיאַבער — נײַן.
דרײַ כאַדאָשים דאַרף נאָך זײַן.
צען — אָקטיאַבער,
עלף — נאָיאַבער,
צוועלף — דעקאַבער.
נאָכדעם?.. ווידער קומט יאַנוואַר,
הענגט מען אוף א נײַעם
קאַלענדאַר.




א וואָך האָט
7 טעג:
מאָנטיק,
דינסטיק,
מיטוואָך,
דאָנערשטיק,
פרײַטיק,
שאַבעס,
זונטיק.

א מעסלעס האָט 24 שאָ. א שאָ האָט
60 מינוט. א מינוט האָט 60 סעקונדעס.



ווען אין מאָסקווע איז 2 אזייגער באנאכט,



איז אין ביראָבידזשאַן 9 אזייגער אינדערפרי,



און אף קאמטשאטקע — 12 אזייגער באטאָג.




בא אונדז איז פרימאָרגן

בא אונדז איז באטאָג

און בא אונדז איז אָוונט

# א וואָך מיט ארבעט

## (א שפאס)

איך בין געזעסן זונטיק און געטראכט מאָנטיק צו פאָרן דינסטיק, האָב איך זיך בארעכנט מיטוואָך, אז ווי קאָן איך פאָרן דאָנערשטיק, ווײַל פרײַטיק איז שוין באלד שאבעס און דערנאָך וועט ווידער זײַן זונטיק?

# א ציילעניש



איינס, צוויי, דרײַ, פיר —
יונגע אָקטיאַבערלעך זײַנען מיר.
פינף, זעקס, זיבן, אכט —
די לימודים שוין געמאַכט.
נײַן, צען און אויס —
דו גייסט אַרויס!



איינס, צוויי, דרײַ,
אַלט איז ניט נײַ,
נײַ איז ניט אַלט,
הייס איז ניט קאַלט,
קאַלט איז ניט הייס,
קליין איז ניט גרויס,
גרויס איז ניט קליין,
קויטיק איז ניט ריין,
דו ביסט ריין,
ער איז ריין,
אויב דו ווילסט —
קאָנסטו גיין!

# קינדערישע ברילן

בעניע בעט בא דעם זיידן:
— זיידע, קויף מיר ברילן.
— צוליב וואָס דאַרפסטו ברילן? — פרעגט דער זיידע.
— איך וויל אויך לייענען ביכער, אַזוי ווי דו.
— גוט, — האָט געענטפערט דער זיידע. — איך וועל דיר קויפן ברילן, נאָר קינדערישע.
און ער האָט געקויפט בעניען אַ ביכל.

(לויט ק. אושינסקי)





# מיאו

קומט דאָס קעצעלע דאָס ראבע:
— מיאו!
— וואָס ווייַנסטו, מורקע? — פרעגט די באָבע.
— איך האָב אַף זשוטשקען א פארדראָס.
— אַף זשוטשקען, קעצעלע, פארוואָס?
— ער לעקט די סמעטענע אין קיך
און זאָגט דערנאָך, אז דאָס איז איך...

# די קינדער שפּילן

אין הויף שפּילן קינדער אין קאַץ־און־מויז.
אַלע שטעלן זיך אין א קרייַז, נעמען זיך פאר די הענט. די קינדער שרייַען: „מייַזעלע, מייַזעלע, שלאָף ניט, אנטלויף!” און צו דער קאַץ שרייַען זיי: „קאַץ, כאַפּ דאָס מייַזל!”
מירע לויפט. סלאַוויק יאָגט זיך נאָך איר. ער וויל זי כאַפּן, נאָר די קינדער פארשטעלן אים



דעם וועג. ענדלעך כאַפּט סלאַוויק מירען. איצט גייען אַרויס וואָווע און ווערע. ווערע איז דאָס מײַזל, וואָווע איז די קאַץ. די פֿריילעכע שפּיל גייט ווײַטער.

## א רעטעניש:



ווער האָט אַ קאַם און קען מיט אים ניט קעמען?

(א האָן)

# מיט יוישער

די מאמע גיט כאַימען א קיכל און זאָגט:

— נעם, כאַים, דאָס איז פאר דיר מיט עטעלען. צעטייל זיך מיט איר, אָבער מיט יוישער.

— מאמע, וואָס הייסט יוישער?

— צעשנייַד, כאַימל, אף דער העלפט, און טאָמער וועט איין שטיקל זייַן א גרעסערס, גיב עס עטעלען.

טראכט כאַים און טראכט און זאָגט צו דער שוועסטער:

— נא, עטעלע, צעטייל דו דאָס קיכל, נאָר מיט יוישער.



# דער סאַנקאָם



אָט־אָ גייט שוין דער סאַנקאָם,
דער סאַנקאָם — בוני ראָם.
זעצט זיך אויס באַלד גיכער,
פלינקער, קומט אהער,
באַווײַזט די פינגער.
מינקע — ריין,
ראַפע — ריין,
סאַנקע—טאַנקע —
ווידער ניין!
קינדער, הערט זשע:
אַף מײַן וואָרט —
די בלאָטע שטעקט אין זעלבן אָרט!
וואָס זשע, סאַנקע, קום אהער:
ווילסט נאָך זײַן א פּיאָנער?..

לייב קוויטקאָ

**א רעטעניש:**



איבער באַרג און איבער טאָל
גייט א פעלצעלע פון וואָל.

(א שעפּס)

# א קלוגער דאָקטער



לעמעלע קומט צום דאָקטער און זאָגט:

— ליבער דאָקטער, עס טוט מיר וויי דער בויך, הייל מיך אויס.

פרעגט דער דאָקטער:

— וואָס האָסטו נעכטן געגעסן?

— גרינע עפּעלעך, — ענטפערט לעמעלע.

— אויב אַזוי, שרײַב איך דיר אויס א רעפּוע פאר די אויגן.

— פאַרוואָס עפּעס פאר די אויגן? — כידעשט זיך לעמעלע.

— קעדיי דו זאָלסט א צווייט מאָל בעסער זען, וואָס דו עסט.



רינגעלע, רינגעלע, רויגעז,
מיר זײַנען געווען ברויגעז,
רינגעלע, רינגעלע, ריק —
מיר זײַנען כאַווער צוריק!..

# דאָס רעטעכל

האָט פֿאַרזעצט דער זיידע א רעטעכל. איז אויסגעוואקסן דאָס רעטעכל גרויס, זייער גרויס. האָט גענומען דער זיידע דאָס רעטעכל פֿון דער ערד צו שלעפּן: ער שלעפּט און שלעפּט, נאָר ארויסשלעפּן קען ער ניט.

האָט א רוף געטאָן דער זיידע צוהילף די באָבע. האָט זיך אָנגעכאפּט די באָבע פֿארן זיידן, דער זיידע פֿאר דעם רעטעכל: מע שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר ארויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט א רוף געטאָן די באָבע דאָס אייניקל. דאָס אייניקל פֿאר דער באָבען, די באָבע פֿאר דעם זיידן, דער זיידע פֿאר דעם רעטעכל: מע





שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר ארויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט א רוף געטאָן דאָס אייניקל דאָס הינטעלע זשוטשקע. זשוטשקע פאר דעם אייניקל, דאָס אייניקל פאר דער באָבען, די באָבע פאר דעם זיידן, דער זיידע פאר דעם רעטעכל: מע שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר ארויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט א רוף געטאָן זשוטשקע דאָס קעצעלע מורקע. דאָס קעצעלע פאר זשוטשקען, זשוטשקע





פאַר דעם אייניקל, דאָס אייניקל פאַר דער באָבען, די באָבע פאַר דעם זיידן; מע שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר אַרויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט אַ רוף געטאָן מורקע דאָס מײַזעלע מיזעלע. דאָס מײַזעלע פאַר דעם קעצעלע, דאָס קעצעלע פאַר דעם הינטעלע, דאָס הינטעלע פאַר דעם אייניקל, דאָס אייניקל פאַר דער באָבען, די באָבע פאַר דעם זיידן, דער זיידע פאַר דעם רעטעכל: מע שלעפּט און מע שלעפּט — אַרויסגעשלעפּט דאָס רעטעכל!



# ווינטער

שניי, שניי!
אף די פעלדער
שיט און גיי!
דעק זיי צו,
דעק זיי אײַן,
אַז עס זאָל זיי
וואַרעם זײַן.
לאָז דעם פראָסט
ניט צו צו זיי,
לאָז ניט פרירן
דעם פּאַרזיי!

לייענט אויסדריקלעך
לערנט אויס אף
אויסווייניק.



# ניַי־יאָר



צו דעם נײַעם יאָר ברענגט דער טאַטע פֿון דעם וואַלד אַ שיינע יאָלקע. די קינדער פֿרייען זיך. זיי באַפּוצן די יאָלקע מיט זילבערנע שניייעלעך און מיט שפּילעכלעך. זיינע הענגט אויף אויף די צווײַגן לאַמטערנדלעך, מאַריק הענגט אויף אויף דעם סאַמע שפּיץ אַ שטערן.

אין אָוונט קומען קינדער פֿון די שכייניַשע דירעס. מע נעמט זיך פֿאַר די הענט, מע טאַנצט און מע זינגט אַרום דער יאָלקע:

אונדזער יאָלקע שײַנט מיט פֿײַער,
באַלד איז נײַ־יאָר,
באַלד איז נײַ־יאָר!
קום וואָס גיכער שוין צו גיין,
זאָל זיך פֿרייען גרויס און קליין,
קום צו אונדז אין קרײַז אַרײַן —
יאָמטעוו זאָל בײַ יעדן זײַן!

# אלע שילער לערנען גוט

די שילער פון אונדזער קלאס לערנען זיך פלײַסיק. זיי לייענען א סאך און קענען שוין נישקאָשע ריידן אף ייִדיש. אלע רעכענען ריכטיק, שרײַבן און מאָלן שיין, העלפן איינער דעם אנדערן.

אלע אונדזערע שילער זײַנען אָקטיאבערלעך. זיי פירן זיך אוף גוט סײַ אין שול, סײַ אין גאס. מיט די עלטערן זײַנען זיי העפלעך. אין דער פרײַער צײַט שפילן זיך די יונגע אָקטיאבערלעך מיט די קינדער פון זייער הויף. די מאמעס און די טאטעס, די זיידעס און די באָבעס זײַנען צופרידן מיט זייערע קינדער און אייניקלעך.

וויִאזוי לערנען זיך די שילער?
וואָס קענען זיי שוין?
וויִאזוי פירן זיך אוף
די אָקטיאבערלעך אינדערהיים?
מיט וועמען שפילן זיי זיך?

## זעצט איבער אף רוסיש:

בייס די ווינטער־קאניקולן גייען די שילער אין קינאָ און אין טעאטער. א סאך קינדער קומען אין שטאָטישן פארק פאר קולטור און אָפּרו, אין וואלד און צו דעם טײַך. די בירע איז פארפרוירן, און מע פאָרט איבער דעם אײַז אף גליטשערס. מײַן כאווער מישע זאָגט: „בייס די ווינטער־קאניקולן גיי איך מיט מײַן טאטן אין טײַגע אף יאגד. מיר פאָרן אף ליזשעס".



**זי**



די באָבע



די קאָלווירטניצע



די מעלקערן

**ער**



דער זיידע



דער דאָקטער



דער קאָלווירטניק

שרײַבט אַראָפּ. אָנשטאָט די פּינטעלעך שטעלט אַרײַן די ווערטער „ער" אָדער „זי":

דײַן טאַטע איז אַ לערער. ... לערנט די קינדער.
דײַן זיידע איז אַ קאָלווירטניק. ... אַרבעט גוט.
מײַן באָבע איז אַ מעלקערן. ... אַרבעט אויף דער פֿערמע.
מײַן ברודער איז אַ דאָקטער. ... אַרבעט אין דער פּאָליקליניק.
מײַן שאָכן איז אַ מעכאַניזאַטאָר. ... אַרבעט אויף אַ טראַקטאָר.

# וואָוועס געבורטסטאָג

בא וואָוועס איז הײַנט דער געבורטסטאָג. צו אים זײַנען געקומען זײַנע כאַווײַרים. זיי האָבן אים געבראַכט פֿאַרשיידענע מאַטאָנעס, וואָס זיי האָבן אַליין געמאַכט. ווערע האָט אים געשענקט אַ בוקעט בלומען, וואָס זי האָט צונויפֿגעקליבן אין פֿעלד. אירע און באָריס האָבן אים אונטערגעטראָגן אַן אַלבאָם מיט זייערע געמעלן.



די קינדער שפּילן זיך צוזאַמען. דערנאָך גיט מען א קאָנצערט. ווערע און וואָווע זינגען א ליד, אליק און סוועטלאַנע דעקלאַמירן, אירע און באָריס טאַנצן. אלעמען איז פריילעך, אלע זײַנען לוסטיק. וואָווע וועט אף לאַנג פארגעדענקען אָט דעם יאָמטעוו. ער איז צופרידן. ער האָט גוטע כאַווײרים.

וואָס פאר א יאָמטעוו איז בא וואָווען?
וואָס פאר א מאטאָנעס האָט מען אים געבראַכט?
וויאזוי האָבן די קינדער זיך געפרייט אף וואָוועס יאָמטעוו?

# די דעזשורנע



הײַנט זײַנען מאריק און ליזע דעזשורנע אין קלאס. זיי קומען פרי אין שול. מאריק עפנט אין קלאס די פענצטער. ליזע באגיסט די בלומען. זי ווישט אָפּ ריין דעם טאָוול. מאריק ברענגט דאָס קרײַדל. און אָט קלינגט דאָס גלעקל. די שילער פארנעמען זייערע ערטער. עס קומט די לערערן.

ווער זײַנען הײַנט
די דעזשורנע אין קלאס?
וואָס טוען מאריק און ליזע?
ווען הייבט זיך אָן דער לימעד?

**א רעטעניש:**

ניט קיין קלייד — און גענייט,
ניט קיין בוים — און פול מיט בלעטער.

(א בוך)

# א גוטע נאכט

אָנגעשפּילט זיך, אָנגעלאָפֿן,
דאַרף א קינד זיך לייגן שלאָפֿן.
יעדעס בלעטעלע דאָס מינדסטע
וואַשט און צוואָגט זיך
אינדערפֿינצטער.
טאָר קיין ווינטעלע ניט ווינטלען,
טאָר קיין פֿינטעלע ניט פֿינטלען.
קיינער, קיינער טאָר ניט שטערן
אונדזער וועלט נאָך שענער ווערן.
אָנגעשפּילט זיך, אָנגעלאַכט,
שלאָף געזונט, א גוטע נאַכט!

שיקע דריז



## שרײַבט איבער און דערשרײַבט, וואָס מע דאַרף:

מײַן פאַמיליע איז .....

מײַן נאָמען איז ........

איך בין אַלט ...... יאָר

איך וווין אין שטאָט (דאָרף) ......

איך וווין אויף ..... גאַס

די שול געפינט זיך אויף ..... גאַס

## רעטענישן:

שיט און שיט, מאַכט ניט נאַס
און מיט זילבער פּוצט די גאַס.

איך קום פון ווײַט — ווײַס,
ווי קרײַד, קלאָר און ווײַס,
קאַלט, ווי אײַז.

(שניי)



א לאַטע אויף א לאַטע,
און קיין נאָט איז ניטאָ.

(קרויט)



# די שניי־ליאַלקע

די קליינע נינע איז ארויס אין גאס. זי האָט געמאַכט א ליאַלקע פון שניי און געבראַכט די ליאַלקע אהיים. נינע האָט אוועקגעלייגט די ליאַלקע אין בעט און איז ווידער אוועק אין דרויסן. נאָכדעם איז זי געקומען אהיים — די ליאַלקע איז ניטאָ, נאָר אין בעט איז נאַס.

— ווּ זשע איז מײַן ליאַלקע? — האָט נינע זיך צעוויינט.

דאָ איז געקומען די מאַמע:

— וואָס וויינסטוּ, נינע?

זאָגט נינע:

— ווי זשע זאָל איך ניט וויינען, אַז איך האָב געמאַכט פון שניי אַ ליאַלקע, זי אַוועקגעלייגט אין בעט, און איצטער איז זי ניטאָ?

— וויין ניט, נינע, — האָט געענטפערט די מאַמע און איר דערקלערט, וואָס עס איז געשען מיט דער שניי־ליאַלקע.

וואָס האָט די קליינע נינע געמאַכט פון שניי?
ווּהין האָט זי אַוועקגעלייגט די ליאַלקע?
וואָס איז געשען מיט דער שניי־ליאַלקע?



# פייגעלעך

דער קלײנער װאָװע שטײט אױף א טאבורעט און קוקט אין פענצטער. פּלוצעם שפּרינגט ער אראָפּ און לאָזט זיך צו דער באָבען מיט א געװײן:

— באָבע, די פייגעלעך!

— װוּ זעסטו פייגעלעך? — פרעגט די באָבע.

װאָװע פירט צו די באָבע צו דעם פענצטער:

— דו זעסט? אָט דאָרט זיצן פייגעלעך. זײ איז קאלט, זײ פרירן!

די באָבע קוקט אין פענצטער און צעלאכט זיך. דאָס זײַנען ניט קײן פייגעלעך. אױף דעם באלקאָן אױף א שטריק הענגט גרעט, און די הילצערנע קלעמערלעך זײַנען ענלעך אױף שװעלבעלעך.

— באָבע, נעם זײ גיכער ארײַן אין שטוב, — בעט װאָװע.



— גוט, — זאָגט די באָבע. זי גייט ארויס אף דעם באלקאָן און נעמט אראָפּ אלע קלעמערלעך.

פארנאכט קומט פון דער ארבעט די מאמע. וואָווע לויפט מיט גרויס פרייד איר אנטקעגן:

— גערעטעוועט די פייגעלעך! גערעטעוועט די פייגעלעך!..

(לויט ב. מילער)

**וואָס האָט וואָווע דערזען אין פענצטער?**
**וואָס בעט ער בא דער באָבען?**
**וואָס טוט די באָבע?**
**וואָס זאָגט וואָווע דער מאמען?**

**פארגעדענקט די פאָלקס־ווערטלעך:**

קיינמאָל לייג ניט אָפּ אף מאָרגן,
וואָס דו קאָנסט נאָך היינט באזאָרגן.

אלץ איז גוט צו דער צייט.

וווּהין די נאָדל — אהין דער פאָדעם.

א ביסל און א ביסל — ווערט א פולע שיסל.

# אין ביבליאָטעק

מיר האָבן ליב צו לייענען ביכער. א גוטער בוך איז ווי א גוטער פרײַנט. פריִער פלעגן אונדז ביכלעך לייענען די מאמעס און די טאטעס, די זיידעס און די באָבעס. איצט קענען מיר שוין אליין לייענען. אין אונדזער שול איז פאראן א ביבליאָטעק. אויך א שטאָטישע



ביבליִאָטעק פאר קינדער איז פאראן. די עלטערע לייענער נעמען ביכער אין דער געגנטלעכער ביבליִאָטעק אף שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען.

וואָס האָבן מיר ליב צו לייענען?
ווּ נעמען די לייענער ביכער?

## וואָס טוט מארינע אינדערהיים

מארינע קומט פון דער שול אהיים. איר מאמע איז נאָך ניטאָ. די מאמע ארבעט אף א פאבריק. מארינע ווייסט: אויך אינדערהיים האָט די מאמע א סאך ארבעט. און מארינע העלפט דער מאמען. זי ראמט דעם צימער, גייט אין מאגאזין און קויפט אײַן פּראָדוקטן. די מאמע זאָגט וועגן מארינען:

— א גוטע טאָכטער וואקסט בא מיר!

וואָס טוט מארינע אינדערהיים?
וואָס זאָגט איר מאמע?
ווִיאזוי העלפט איר דער מאמען אינדערהיים?

# פֿרילינג

נאָך דעם ווינטער קומט דער פֿרילינג. אין פֿרילינג איז די זון א ווארעמע, א העלע. דאָס גראָז גרינט,ביימער טוען זיך אָן אין בלעטער, די בלומען הייבן אָן צו בליִען. פֿון די ווארעמע לענדער קערן זיך אום די פֿייגל. זיי בויען נעסטן. די קינדער גרייטן אויך שטיבעלעך פֿאר די פֿייגל.

וואָס קלאַפּן די קינדער
און זעגן און האקן?
מע גרייט פֿאר די געסט —
פֿאר די שטארן — די שלאקן.
די זון, זי שײַנט,
סע קומען די פֿרײַנט —
צעפּיקן,
צעפּליקן
אין סעדער די פֿײַנט!

לייב קוויטקאָ



# צווישי, צווישי



צווישי, צווישי, צווישערײַ —
פרילינג קומט שוין אָפּדאָסנײַ!
פייגל גרויסע, פייגל קליינע,
אַלע פריילעכע און שיינע,
קומען מיט אַ צווישערײַ
מיט דעם פרילינג אָפּדאָסנײַ.
מיט דעם פרילינג אָפּדאָסנײַ.
— פונוואַנען קומט איר, כעוורעלײַט?
— צווישי, צווישי, פונדערווײַט —
פון די פעלדער, פון די וועלדער,
פון די וואַרעמע דאָרעם־לענדער.
צווישי, צווישי, פונדערווײַט
צו אײַך, קינדער, כעוורעלײַט!

י.־ל. פּערעץ

לערנט אויס אויף אויסווייניק דאָס לידעלע.

היט אָפּ די פייגל — זיי זײַנען אונדזערע פרײַנט.
היט אָפּ דיביימער, ברעכט ניט זייערע צווײַגן.
זײַ פון קינדווײַז אָן אַ גוטער באַלעבאָס —
היט אָפּ די נאַטור,
זי איז אונדזער אַלעמענס רײַכטום.



# די סאָוועטישע ארמיי

א סאך פרײַנט האָט אונדזער היימלאנד אין פארשיידענע לענדער. אָבער עס האָט אויך בייזע סאָנים — די, וועלכע זײַנען געוווינט צו ראבעווען פרעמדע רײַכטימער. זיי האָבן פײַנט אונדזער פרידלעך, האָרעפּאשנע לאנד. אָבער פעסט שטייט אף דער וואך פון אונדזער היימלאנד די סאָוועטישע ארמיי.

דו ביסט געשמאק געשלאָפן באנאכט, אָבער די גרענעצלער האָבן א גאנצע נאכט זיך צוגעהערט, צי קיינער וויל ניט גאנווענען די גרענעץ מיט א בייזן מיין. גאנצפרי, ווען די פייגל זײַנען נאָך געשלאָפן, האָבן זיך



אופגעהויבן אין הימל עראָפּלאַנען מיט רויטע שטערנס. אונדזערע מיליטערישע שיפן שטייען אף דער וואך פון אונדזערע יאמען. די טאנקיסטן זײַנען פון גאנצפרי בא זייערע מאשינעס.

דעם 23 פעווראל איז דער יאָמטעוו פון דער סאָוועטישער ארמיי און פון דעם מיליטערישן יאם־פלאָט.

(לויט ל. קאסיל)

פון וועמען היט די סאָוועטישע ארמיי אונדזער היימלאנד? ווער היט אונדז אף דער ערד? אף דעם יאם? אין דער לופט? ווען איז דער יאָמטעוו פון דער סאָוועטישער ארמיי?

# מיר בויען

יעדער נעמט זיך, וואָס ער וויל,
יעדער קלײַבט זיך אויס א שפּיל.
סימע בויט זיך אויס א שיף,
פימע — א לאָקאָמאָטיוו.
גרישע, וויטיע און אבראם
בויען אויס א גאנצע ב א ם.





# אויב איך ווילט...

אויב איר ווילט,
אויב איר ווילט,
מאָל איך אָן פאַר אײַך א בילד:
אף דעם פענצטער — קווייטן,
אין דעם גאָרטן — בייטן,
און א פעלד,
און א וואלד,
און א וועג א ברייטן.
אויב איר ווילט,
אויב איר ווילט,
קאָן איך אָנמאָלן א בילד:
אָט א הויז
מאָל איך אויס,
הויך עס איז מײַן הויז און גרויס,
אָט — א סאָד א גרינער,
אָט — א קאַץ,
אָט — א מויז,
אָט — א האָן מיט הינער.
וואָס איר ווילט,
וואָס איר ווילט,
קאָן איך מאָלן אף מײַן בילד!

## שטעלט אַרײַן די דורכגעלאָזטע ווערטער:

בין, ביסט, איז, זײַנען, זײַנט

איך ... א פּיאָנער — מיר ... פּיאָנערן
דו ... א פּיאָנערקע — איר ... פּיאָנערקעס
ער ... מײַן כאווער — זיי ... מײַנע כאוויירים
דו ... א שילערן — זיי ... שילערנס
דאָס ... מירע — דאָס ... איר
דאָס ... מארע און מישע — דאָס ... אָקטיאבערלעך

# א דאנק, וואליע!

וואליע און מירע זיצן אף איין פּארטע.
די לערערן זאָגט:
— קינדער, נעמט די העפטן. מיר שרײַבן א דיקטאנט.
אלע קינדער נעמען זייערע העפטן און שרײַבן די דאטע. אָבער מירע שרײַבט ניט. די לערערן פרעגט:
— מירע, ווו איז דײַן העפט?
—פארגעסן אינדערהיים, — ענטפערט מירע.



זאָגט די לערערן:

— דאָס איז ניט גוט, מירע. וואָס זשע טוט מען?

דאָ הייבט זיך אוף פון אָרט וואַליע.

— איך האָב נאָך צוויי העפטן, — זאָגט זי. — נא, מירע, נעם.

— א דאנק, וואַליע, — זאָגט מירע.

איצט שרײַבן שוין אלע קינדער.

וווּ זיצן וואַליע און מירע?

פאַרוואָס שרײַבט ניט מירע?

ווער גיט מירען איר העפט?

וואָס זאָגט מירע וואַליען?

# א רעפֿוע

א לעפל — דעם טאַטן,
א לעפל — דער מאַמען.
— אַט זעסט? עס איז גאָרניט —
מע קאָן זיך ניט סאַמען!

—יאנקעלע, זײַ ניט קיין אקשן!—
מע בעט אים.
— יאנקעלע, נעם כאַטש א קאַפּל!—
מע גלעט אים.

עס העלפּט ניט קיין בעטן,
עס העלפּט ניט קיין ריידן.
א לעפל — דער באָבען,
א לעפל — דעם זיידן.

א לעפל — דעם הינטל,
א לעפל — דעם קעצל...





— נאַ, קוציק! נאַ, מורקע.
ניט דריי מיט דעם קעפּל!

ביטער דעם טאַטן,
און ביטער דער מאַמען,
דער באָבען, דעם זיידן
און אַלע צוזאַמען.

די מאָרדעלעך וואַשן
דער הונט און די קאַץ,
נאָר יאַנקעלע וויל ניט —
כאָטש לייג זיך און פּלאַץ!

כּאַים ביידער

לייענט אויסדריקלעך, לערנט
אויס אויף אויסווייניק.

זעצט איבער אויף רוסיש:

מע קאָן זיך ניט סאַמען.
עס העלפט ניט קיין בעטן,
עס העלפט ניט קיין ריידן.
כאָטש לייג זיך און פּלאַץ.




# דער מאמעס יאָמטעוו

צו דעם אכטן מארט גרייטן אלע קינדער מאטאָנעס פאר די מאמעס, פאר די באָבעס און פאר די שוועסטער. וואָווע שענקט דער מאמען א שיין בילד — ער האָט דאָס אליין געמאָלט. מאשע באווייַזט איר א נייַע ליאלקע. דאָס האָט איר אין דעם קינדערגאָרטן געשענקט איר כאווער סאשע. דערנאָך קומט פון דער ארבעט דער טאטע. ער שענקט דער מאמען און דער באָבען לעבעדיקע בלומען.

וואָס פאר א מאטאָנעס שענקט איר דער מאמען און דער באָבען צו דעם אכטן מארט?

# א טעלעפֿאָן־געשפּרעך



אליק. מאַמע, איך בין שוין געקומען פֿון דער שול, אָפּגעגעסן, און איצטער גרייט איך די לימודים אויף מאָרגן.

די מאַמע. זייער פֿײַן, אליק. און באַ סוועטען אין די יאַסליעס ביסטו געווען?

אליק. יאָ, מאַמע, נאָר זי איז געשלאָפֿן. איך האָב נאָר אַ קוק געטאָן און בין אַוועקגעגאַנגען.

די מאַמע. און וואָס קלערסטו ווײַטער טאָן?



אליק. איך וויל צופֿאָרן צו דעם פֿעטער באָריס און צו דער מומע אירע אויף זייער נײַער דירה. מאָרגן איז דער אַכטער מאַרט, וויל איך באַגריסן אַניען און אַליען. דו דערלויבסט, מאַמע?

די מאַמע. זײַ פֿאָרזיכטיק באַם איבערגיין דעם וועג.

אליק. אַ דאַנק, מאַמע!

# זיבן טינטערלעך



וואָלט א פויגל דורכגעפלויגן,
שיק איך אים צום רעגנבויגן:
פויגל, פויגל, ברענג געשווינד
זיבן טינטערלעך מיט טינט.

וועל איך שרײַבן אף פּאפּיר
יעדעס וואָרט מיט זײַן קאָליר:
טײַך — מיט בלויען,
זאמד — מיט געלן,
גראָז — מיט גרינעם,
טאָג — מיט העלן.

נאָר דאָס בריוועלע דער מאמען —
פֿון אלע טינטערלעך צוזאמען.

שיקע דריז





# זאָל שטענדיק זײַן...

לאָמיר זינגען, לאָמיר זינגען,
טאַנצן, פרייען זיך און לאַכן,
זאָל די ליד אַף ייִדיש קלינגען,
ווי זי קלינגט אַף אַלע שפּראַכן:

— זאָל שטענדיק זײַן די זון!
— זאָל שטענדיק זײַן דער הימל!
— זאָל שטענדיק זײַן די מאַמע!
— זאָל שטענדיק זײַן איך!

# דאָס שטערנדל

מאַזלטאָוו! איר קאָנט אונדז שוין באַגריסן: מע האָט אונדז אָנגענומען אין אָקטיאַבערלעך. יעדער אָקטיאַבערל האָט באַקומען אַ שטערנדל. פינף עקן האָט דאָס שטערנדל, און אינמיטן — לענינס בילד. פון הײַנט אָן זײַנען מיר איליטשס אייניקלעך. מיר האָבן אַפילו אַ לידל צוגעטראַכט:

אָקטיאַבערלעך, אָקטיאַבערלעך
פון גרויסן לענין־לאַנד,
מיט יונגע פּיאָנערן איצט
מיר גייען האַנט בײַ האַנט.

מיר ווייסן שוין, אַז די אָקטיאַבערלעך האָבן פינף קלאָלים:
אָקטיאַבערלעך — דאָס זײַנען קינפטיקע פּיאָנערן.
אָקטיאַבערלעך — דאָס זײַנען פלײַסיקע



כעוורע, זיי האָבן ליב די שול, גיבן אָפּ קאָוועד די עלטערע.

אָקטיאַבערלעך האָבן ליב זיך מיִען.

אָקטיאַבערלעך זײַנען אופריכטיקע און געוואגטע, דרייסטע און טעטיקע.

אָקטיאַבערלעך זײַנען כאוועריִשע קינדער, לייענען און מאָלן, שפּילן זיך און זינגען, לעבן פריילעך.

לערנט אויס די קלאָלים פון די אָקטיאַבערלעך.



# דער גרויסער פירער

וולאַדימיר איליטש לענין איז אונדזער פירער, אונדזער לערער, אונדזער בעסטער פרײַנט. לענינען ווייסט די גאַנצע וועלט. מיר לעבן און אַרבעטן אַזוי, ווי עס האָט אונדז געלערנט וולאַדימיר איליטש לענין.

וולאַדימיר איליטש לענין האָט געזאָגט:

— לערנען, לערנען און לערנען!

מיר פּילן אויס לענינס געבאָט. מיר לערנען זיך גוט, ווי לענין האָט פאַרזאָגט.

# דער שענסטער נאָמען

העכער פון בערג
און העלער
פון לויטערע שטראָמען —
דער טײַערער נאָמען.

דער טײַערער נאָמען —
ער פלאקערט און פירט אונדז אין קריג
און פירט אונדז צום זיכערן זיג.

בא ווען סע וואכט דאָס הארץ
און אויגן ברענען, —
דער ווייסט פון דעם נאָמען,
דער ווייסט אים, דער קען אים,
דער ווייסט,
אז דער נאָמען דער שענסטער איז — לענין!

לייב קוויטקא

## פון וו. אי. לענינס קינדער־יאָרן

וולאדימיר איליטש לענין (אוליאנאָוו) איז געבוירן געוואָרן דעם 22 אפּרעל 1870 אין דער שטאָט סימבירסק, בא דעם טײַך וואָלגע.

איצט הייסט די דאָזיקע שטאָט אוליאנאָווסק.

אף דעם בילד זעט איר א הילצערן הויז. דאָ האָט געלעבט די גרויסע און פרײַנטלעכע מישפּאָכע אוליאנאָוו. איצט איז אין אָט דעם הויז א לענין־מוזיי.

דער קליינער וואָלאָדיע האָט ליב געהאט זיך שפּילן מיט זײַן ייִנגערער שוועסטער אָליע.



ביידע זײַנען זיי געווען לעבהאפטע און פריילעכע.

צו נײַן יאָר איז וואָלאָדיע אוועק זיך לערנען.

לייענען האָט אים אויסגעלערנט זײַן מאמע, ווען ער איז נאָך אלט געווען 5 יאָר. וואָלאָדיע האָט ליב געהאט א סאך צו לייענען. אין דער גימנאזיע איז ער געווען דער בעסטער שילער.

אלע קינדער האָבן אים ליב געהאט. ער איז געווען א גוטער כאווער.



# ערשטער מײַ

דער ערשטער מײַ איז א יאָמטעוו בא אלע ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט. אלע פעלקער אף דער ערד דעמאָנסטרירן זייער קויעך, זייער ווילן צו קעמפן פאר שאָלעם און פרײַהײַט.

דעם ערשטן מײַ גייען מיר אף דער יאָמטעוודיקער דעמאָנסטראציע. פון אלע עקן



שטאָט הערט זיך מוזיק. מענטשן זײַנען אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער. מע זינגט און מע טאַנצט. אױף אַלע גאַסן און פּלעצער הענגען רױטע פֿאָנען און טראַנספּאַראַנטן.

אונדזער קאָלאָנע איז זײער אַ שײנע. װאָװע טראָגט די פֿאָן פֿון דער שול. מישע פֿײַקלט אין זײַן פֿײַקל. בײַ אַלע קינדער אין די הענט — בלומען.

# נײַנטער מײַ — טאָג פון זיג



דעם נײַנטן מײַ פײַערן מיר דעם טאָג פון זיג. אין אָט דעם טאָג האָט זיך אין יאָר 1945 פאַרענדיקט די גרויסע פּאַטערלענדישע מילכאָמע.

אונדזער העלדישע סאָוועטישע אַרמיי האָט באַזיגט די פאַשיסטן.

דעם נײַנטן מײַ גיט מען אָפּ אַ סאַליוט אין מאָסקווע און אין אַלע שטעט־העלדן: אין לענינגראַד און אין קיִעוו, אין מינסק און אין אָדעס, אין סעוואַסטאָפּאָל און אין וואָלגאָגראַד, אין טולע, נאָוואָראָסיִיסק און קערטש, אין דער ברעסטער פעסטונג. אַ סאַליוט לעקאָוועד דעם גרויסן זיג.

דאָס סאָוועטישע פאָלק און די אַרבעטנדיקע פון אַלע לענדער קעמפן פאַר שאָלעם.

**וועגן פײַערט מען דעם טאָג פון זיג?**



# דער דענקמאָל

אויף דער לענין־גאַס אין דער שטאָט ביראָבידזשאַן שטייט א דענקמאָל. אלע פרילינג און זומער פלאַנצן דאָ די פּיאָנערן און קאָמיוגיסטן בלומען. אין דעם טאָג פון זיג קומען צו דעם דענקמאָל אלט און יונג. די אָקטיאַבערלעך טראָגן פאָנעלעך, די פּיאָנערן — טרומייטן און פּויקן. אונטער דעם קלאַנג פון פּײַערלעכע מאַרשן ברענגען מענטשן צו דעם דענקמאָל בלומען־קרענץ און קוויטן. קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן און פּיאָנערן שטייען בא דעם דענקמאָל אין ערן־וואַך.




## יאָסיף בומאגין

דער ארבעטער פון דעם ביראָבידזשאנער זאוואָד „דאלסעלמאש" יאָסיף בומאגין איז אוועק אפן פראָנט שלאָגן די פאשיסטן. אין איינער א שלאכט בא דער פוילישער שטאָט וורראָצלאוו האָט דער לייטענאנט בומאגין איבערגעכאזערט אלעקסאנדער מאטראָסאָווס העלדנטאַט. די סאָוועטישע רעגירונג האָט אים צוגעייגנט דעם בעקאָוועדיקן טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד.

יאָסיף בומאגינס פּאָרטרעט הענגט איצט אין

זײַן צעך אױף דעם זאַװאָד „דאַלסעלמאַש". אין װאָראָצלאַװ האָט מען אים געשטעלט אַ דענקמאָל. דער זאַװאָדישער ייִשעװ אין ביראָבידזשאַן הײסט „יאָסיף בומאַגין". דאָ שטײט אױך אַ דענקמאָל דעם העלד.

װער איז געװען יאָסיף בומאַגין?
מיט װאָס האָט ער זיך אױסגעצײכנט אױף דעם פֿראָנט?
װי אַזױ איז אָפּגעמערקט יאָסיף בומאַגינס אָנדענק?



# וואָלאָטשײַעווקע

אין די יאָרן פון בירגערקריג זײַנען אױף דער טעריטאָריע פון דער איצטיקער ייִדישער אױטאָנאָמער געגנט געגאַנגען הײסע שלאַכטן. די רױטע אַרמײ און פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן האָבן זיך געשלאָגן קעגן די װײַסע אַרמײען. באַזונדערס שװערע שלאַכטן זײַנען געװען אין װאָלאָטשײַעװקע, אױף דער סאָפּקע יון־קאָראַן.



איצט געפינט זיך אף אָט דער סאָפּקע א מוזיי. בא דעם מוזיי שטייט א דענקמאָל די העלדן פון וואָלאָטשײַעווקע. דאָ קאָן מען זיך באקאנען אויך מיט דער פאנאָראמע פון דער גרויסער שלאכט.

מיט וואָס איז בארימט וואָלאָטשײַעווקע?
וואָס געפינט זיך איצט אף דער סאָפּקע יון־קאָראָן?



# אין וואַלד

זומער גייען מיר אין וואלד. דאָרט איז פריש די לופט. די זון באקט, נאָר טיף אין וואלד איז קיל. מע קאָן זיך צעלייגן אין די הויכע גראָזן און קוקן אף די קרוינעס פון ביימער. פייגל זינגען. פארשיידענע פליגעלעך זשומען. און ארום וואקסן אזויפיל שיינע בלומען: רויטע, בלויע, ווײַסע, ראָזעווע. אך, ווי זיי שמעקן פּרעכטיק! מיר קלײַבן אָן יאגעדעס און ברענגען פולע קוישלעך אהיים. די מאמעס פּרעגלען פון די יאגעדעס אײַנגעמאכץ.

וויאזוי איז זומער אין וואלד?
וואָס וואקסט אין וואלד?
פון וואָס פּרעגלען די מאמעס אײַנגעמאכץ?





# שרעק זיך ניט, װעװערקע!

שרעק זיך ניט, װעװערקע!
שרעק זיך ניט, פּיצלו!
איך בין ניט קיין הונט,
און איך בין ניט קיין היצעל.
איך האָב ניט קיין ביקס,
און איך האָב ניט קיין בױגן:
לאָז מיך א גלעט טאָן דיך
בלויז מיט די אויגן.
דײַנער — דער הימל,
און דײַנער — דער װאלד.
װילסט ניט — דיך נייטן
איך װעל ניט מיט גװאלד.
שטיפן דו מעגסט זיך
אין טאנץ אין פארשײַטן —
קוקן איך װעל אף דיר
נאָר פונדערװײַטן.

יעדער זײַן היים האָט,
און יעדער — זײַן וועג.
שרעק זיך ניט, ווערווערקע,
איך גיי מיר אוועק...

כאַים ביידער

לייענט אויסדריקלעך.
לערנט אויס אַף אויסווייניק.

## וווּ ווינטערן די פייגל?



אין האַרבסט פליִען אוועק די פייגל אין וואַרעמע לענדער. דאָרט זײַנען ניטאָ קיין פרעסט.

אין פרילינג קערן זיך אום די פייגל ווידער צו אונדז. ביז דעם טיפן האַרבסט וועלן זיי דאָ זיך פילן זייער גוט.

אייניקע פייגל לעבן בא אונדז אויך ווינטער: די קראָ, די גאַנדז, דאָס ענטל, דער שפּערלינג, די קוראַפּאַטקע און אַנדערע.

וווּהין פליִען אוועק אין האַרבסט די פייגל?
ווען קערן זיי זיך אום צוריק?

# אעראָפּלאַן



איז נאָך וואָס בעעמעס
אַף דער וועלט פאַראַנען,
וואָס זאָל זײַן נאָך שנעלערס
פון אעראָפּלאַנען?

רעדער זיך צעיאָגן,
שפּרינגט די הארטע גומע,
אָט — עס איז דער באָדן
שוין אוועקגעשווּמען.

העכער פון די וואָלקנס —
זון נאָך העלער, העלער!
און דער רודער פּאָלגט אונדז,
דרייט זיך דער פּראָפּעלער.

איבער לאַנד און לענדער,
ווי א דרייסטער פויגל,
וואָלט איך שטענדיק, שטענדיק
גיך ארומגעפלויגן!

מוישע כאשטשעוואצקי

# דאָס קעצעלע



באַ אונדז איז דאָ אַ קעצעלע,
אַ קליינינקס — אַזאַ־אָ!
די מאַמע זאָגט, סע טויג אונדז ניט,
איך ווייס: מיר טויג עס יאָ!

אַזוי איז דאָס אַ שוואַרצינקס,
נאָר פּיסלעך — ווײַס, ווי שניי.
צוויי קליינע, קליינע וואָנצעלעך,
וואָס שטענדיק פּוצט עס זיי...

אַך, איז דאָס אַ לעבעדיקס,
איך שפּיל מיט דעם אין „האָפּ״,
עס דראַפּעט מיר די הייזעלעך
און קריכט מיר אויף דעם קאָפּ.

לייב קוויטקאָ

לייענט אויסדריקלעך.
לערנט אויס אויף אויסווייניק.

# א שטעכיק מאַנטעלע

דאָס העזעלע האָט באַגעגנט דעם שטעכלער און זאָגט צו אים:

— דײַן מאַנטעלע איז ניט קיין שיינס, ברודערקע, און סע שטעכט זיך.

— עמעס, — ענטפערט דער שטעכלער, — נאָר מײַנע שטעכלקעס ראַטעווען מיך פון וועלפישע און הינטישע ציין. און דײַן שיין פעלעכל ראַטעוועט דיך אויך?

רופט זיך אָן דאָס העזעלע:

— מיך ראַטעווען מײַנע פיס, ניט דאָס פעלעכל...

(לויט ק. אושינסקי)



# האַרבסט

האַרבסט. און שוין אראָפּגעפירט
פון פעלדער איז דאָס ברויט,
פון גערטענער דאָס גאָרטנוואַרג,
עס בלײַבט שוין נאָר דאָס קרויט.

אויף א גרויסן שטענגעלע
הענגט א קעפּל קערלעך:
דאָס האָט א קליינינק ייִנגעלע
געלאָזט עס פאר די שפּערלעך.

אווראָם קאַצעוו



לערנט די שפּריכווערטער:

— מאָרגן וועל איך ארבעטן, און הײַנט וועל איך זיך שפּילן, — זאָגט דער פוילער.

— מאָרגן וועל איך זיך שפּילן, און הײַנט וועל איך ארבעטן, — זאָגט דער פלײַסיקער.

לייג ניט אָפּ אויף מאָרגן, וואָס דו קענסט הײַנט באַזאָרגן.

# די שילער זאמלען מאקולאטור און מעטאלברוך

הײַנט קומען די שילער אהיים פריִער. זיי מאכן שנעל די לימודים און גייען ווידער אין שול.

אלע זײַנען שוין אין שול־הויף. די פּיִאָנער־וואָזשאטע זאָגט:

— צוויי גרופּעס זאמלען מאקולאטור, דרײַ גרופּעס זאמלען מעטאלברוך.

די שילער גייען איבער די גאסן, קוקן ארײַן אין די הויפן, קלאפּן אָן אין דירעס. מענטשן גיבן די קינדער אלטע צײַטונגען און ביכער,



מעטאלברוך. דאָס אַלץ טראָגן די שילער צו דעם שול־הויף.

פון דער מאַקולאַטור וועט מען דערנאָך אויסאַרבעטן פּאַפּיר פאַר נײַע ביכער און העפטן. פון דעם מעטאַלברוך מאַכט מען אַוטאָבוסן, טראַקטאָרס, פאַרשיידענע אַנדערע מאַשינעס.

וואָס זאַמלען די שילער?
וואָס מאַכט מען פון דער מאַקולאַטור און פון דעם מעטאַלבראָך?

## די מישפּאָכע אַרבעט

באָריס קומט פון דער שול. דער טאַטע און די מאַמע זײַנען נאָך ניטאָ. זיי זײַנען אַף דער אַרבעט.

די באָבע איז אין שטוב. זי פּאָרעט זיך אין קיך. באָריס זאָגט איר:

— הײַנט האָב איך באַקומען צוויי פינפן — פאַר אַריפמעטיק און פאַר ייִדיש.

די באָבע שמייכלט.



— דו ביסט א וווּיל ייִנגל, — זאָגט זי. —
ביז עס וועט זײַן פֿאַרטיק דער וואַרמעס, גיי
אין הויף, דאָרט איז דער זיידע, העלף אים אין
דער אַרבעט.

באָריס גייט אין הויף און זאָגט דעם זיידן:
— איך האָב געבראַכט מײַן העמערל. איך
וועל דיר העלפֿן.

באָריס העלפט דעם זיידן, און די ארבעט גייט גיכער.

אינגיכן קומען דינע, מאשע, יאשע און פימע. אלע העלפן דעם זיידן און דער באָבען. מע פאַיעט אָן דאָס קעלבל, מע האָדעוועט אָן די הינער, מע באגיסט די בלומען.

איצט קאָן מען שוין זיך זעצן עסן וואַרמעס.

וואָס טוט באָריס נאָך דער שול?
ווער העלפט דעם זיידן און דער באָבען?
דערציילט, וואָס פאר אַן ארבעט איר טוט בא זיך אין שטוב.

## א פרימאָרגן אין קאָלווירט

אינדערפרי גייען מישע און מארע אין שול. זיי גייען פארביַי דעם פעלד. דאָרט ארבעט א טראַקטאָר.

— דאָס ארבעט מיַין טאטע, — זאָגט מארע.— דו זעסט, ער מאכט צו אונדז מיט דער האנט.

ביידע קינדער באגריסן פונדערוויַיטן מארעס טאטן.



דערנאָך גייען מישע און מאַרע פאַרבײַ דער מילך־פֿערמע. פֿון דער שטאַל גייט אַרויס אַ פֿרוי.

— דאָס איז מײַן מאַמע, — זאָגט מישע. — זי איז אַ מעלקערן.

ביידע כאַווייִרים באַגריסן מישעס מאַמע. די מאַמע שמייכלט:

— איר זײַנט גוטע קינדער. פֿאַרשפּעטיקט אָבער ניט אויף די לימודים.

**וועמען זעען מישע און מאַרע אין פֿעלד?**

**וועמען זעען זיי אויף דער מילך־פֿערמע?**

**וואָס זאָגט זיי מישעס מאַמע?**



# די שטאָט ביראָבידזשאן

ביראָבידזשאן איז דער צענטער פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אמאָל איז דאָ געווען א קליינינקע אײַזנבאן־סטאנציע, און געהייסן האָט זי טיכאָנקאיא.

איצט איז ביראָבידזשאן א גרויסע שטאָט מיט ברייטע גאסן און פראָספּעקטן. דאָ זײַנען פאראן פאבריקן און זאוואָדן, שולן און אנדערע לערן־אנשטאלטן. אף אלע גאסן פון ביידע זײַטן שטייען הויכע און גרויסע הײַזער. זייער שיין איז דער לענין־פּלאץ. דאָ שטייט א דענקמאָל וולאדימיר איליטש לענינען.





בירָאָבידזשאַן איז באַוווּסט מיט זײַן גוטער פּראָדוקציע. דאָ אַרבעט מען אויס קאָמבײַנען, טראַנספֿאָרמאַטאָרס, שוכוואַרג, קליידער און פֿאַרשיידענע אַנדערע סכוירעס.

בירָאָבידזשאַן איז פֿאַרבונדן מיט דעם גאַנצן לאַנד. צוגן קומען אָן פֿון מיזרעך און פֿון מײַרעוו. אין שטאָט פֿאָרן אויטאָבוסן, טאַקסי און אַנדערע אויטאָמאָבילן. בירָאָבידזשאַן בויט זיך און ווערט פֿון יאָר צו יאָר שענער.

**ווי הייסט דער צענטער פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט?**

**מיט וואָס איז באַרימט בירָאָבידזשאַן?**



# אונדזער נאַטור

שיין און רײַך איז די נאַטור פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אויף די פעלדער וואַקסן ווייץ און רײַז, קוקורוזע און קאַרטאָפל, סאָיע און פאַרשיידענע מינים גרינס. א דריטל־חלק פון דער טעריטאָריע פון דער געגנט פאַרנעמען וועלדער. דאָ וואַקסן יאָדלעס און צעדערס, פּיכטעס און בערעזעס, לינדן־ביימער און דעמבן, אַמורער ווײַנטרויבן, לי־מאָניק, ברוסניקע, גאָלוביצע און אַנדערע יאַגעדעס.



אין דער טײַגע זײַנען פאַראַן א סך באַלעבאַטים: הירשן, קאַבאַנעס, ווילדע ציגן, הימאַלײַער בערן, וועלף, קוניצעס, באַרסוקן, בורונדוקן, וועווערקעס, האָזן, פוקסן, יאַגד־פייגל: פאַזאַנעס, קוראָפּאַטקעס, ריאַבטשיקעס, ענטלעך.



אין די פּילצאַליקע טײַכן פירן זיך ביז הונדערט מינים פיש: העכט, סאַזאַנען, קאַרעסן, טאָלסטאָלאָב, זשאָלטאָשטשאָק, טײַמען. אונדזער ערד פאַרמאָגט א סאך רײַכטימער: צין, גראַפּיט, קאַלכשטיינער, דאָלאָמיטן. מיט בירעקאנער ראָזעווען מאַרמאָר איז אויסגעפּלאַסטערט די סטאַנציע „בעלאָרוסקאַיאַ״ פון מאָסקווער מעטראָ.

וואָס כאָוועט מען אויס אף די פעלדער פון דער געגנט?

וואָס פאר א ביימער וואַקסן אין די וועלדער?

וואָס פאר א באַלעבאַטים קאָן מען טרעפן אין דער טײַגע?

וואָס פאר א פיש פירן זיך אין די טײַכן פון דער געגנט?









# דער טײַך בירע

די שטאָט ביראָבידזשאַן איז אויסגעבויט אף די ברעגן פון דעם טײַך בירע. איבער דער בירע איז פאַראַן אַ גרויסער בריק. אף דעם ברעג פון דעם טײַך שטייט אַ שיינער פּאַרק. דאָס האָבן די ערשטע בויער פון ביראָבידזשאַן איבערגעלאָזט אַ שטיק ווילדע טײַגע, ווו די אײַנוווינער פון דער שטאָט זאָלן האָבן אַ שיין אָרט צו אָפּרוען. ברייטע אַלייעס ביימער ציִען זיך אין דעם פּאַרק צו דעם סאַמע ברעג פון דער בירע. זומער קאָן מען אין דער בירע כאַפּן פיש און זיך באָדן.

# איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען?

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען
דעם בירע־טײַך?
אין שײנקײַט איז ער מיט דעם דניעפּער גלײַך,
און פליסן פליסט ער פון דעם דניעפּער
שנעלער.
מאכט זיך אמאָל אן אפּדערנאכט א העלער,
איז ווײסט איר, ווי די בירע זעט דאן אויס?
אײַ, איז זי גרויס!
אײַ, איז זי ברײט!
זי יאָגט אזוי פארטראכטערהײט,
און אלע בײמער קוקן פון איר נאסע,
אלײן דער הימל טוקט זיך אין איר וואסער...

ארן ווערגעליס

לײענט אויסדריקלעך,
לערנט אויס
אף אויסווײניק.

ווו געפינט זיך דער טײַך בירע?
דערציילט וועגן דעם פּארק אף דעם ברעג פון
דעם טײַך.




# שאָלעם-אַלייכעם

שאָלעם-אַלייכעם איז א גרויסער ייִדישער שרײַבער. ער האָט אָנגעשריבן א סאך ביכער. זײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט אױף פיל שפּראכן פון דער וועלט. ער האָט זייער ליב געהאט קינדער און געשאפן פאר זיי א סאך אינטערעסאנטע דערציילונגען. באזונדערס האָבן די קינדער ליב צו לייענען זײַן בוך „מאָטל פּייסי דעם כאזנס”. דאָס איז א געשיכטע וועגן

אַן אָרעם ייִנגעלע. מאָטל האָט געליטן הונגער און נויט, אָבער ער איז שטענדיק געווען פריילעך. ער האָט געלאַכט אפילע דעמלט, ווען מע האָט געדאַרפט וויינען.

בא אונדז אין לאַנד האָט מען ליב שאָלעם־אַלייכעמען. אין דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו אַף אוקראַיִנע, ווו ער איז געבוירן געוואָרן, איז פאַראַן א מוזיי פון שאָלעם־אַלייכעמען. אין בירָאבידזשאַן איז איינע פון די שענסטע גאַסן אָנגערופן מיט זײַן נאָמען.

**וועր איז שאָלעם־אַלייכעם?**
**וועלכע זײַנע ווערק האָט איר געלייענט?**
**ווו איז געבוירן געוואָרן דער שרײַבער?**

...טויזנטער, טויזנטער בילדער האָב איך געזען אין מײַנע קינדער־יאָרן, בילדער טרויעריקע, וואָס נעמען אָן בא דעם האַרצן, נאָר לאַכן מוז מען, וואָרעם עס איז לעכערלעך.
...לאַכן איז געזונט — דאָקטוירים הייסן לאַכן.

שאָלעם־אַלייכעם

# אין מי, ווי אין שלאכט

וולאַדימיר איזראַיִלעוויטש פּעלער איז געווען א באַוווּסטער מענטש אין דער ייִדישער אוי־טאָנאָמער געגנט. נאָך פאַר דער מילכאָמע האָט ער דאָ אָנגעפירט מיט א קאָלווירט. פון דעם ערשטן טאָג פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע איז ער געווען אויף דעם פראָנט. פאַר העלדישקייט אין די שלאַכטן איז ער באַלוינט געוואָרן מיט דריי אָרדענס פון רום. נאָך דער מילכאָמע איז וולאַדימיר פּעלער געווען פאָרזיצער פון דעם קאָלווירט „איליטשס געבאָטן.“ אים איז צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל העלד פון סאָציאַליסטישער מי. אין וואַלדהיים איז איינע פון די גאַסן אָנגערופן אויף וו. פּעלערס נאָמען.

מיט וואָס איז וו. אי. פּעלער באַלוינט געוואָרן אויף דער מילכאָמע?
וואָס פאַר א טיטל האָט ער באַקומען נאָך דער מילכאָמע?

# אזא גלאָז...

אַלע ווייסן — ניט קיין נײַס:
גראָז איז גרין, און שניי איז ווײַס.
נאָר בײַ מיר, נאָר בײַ מיר —
וואָס איך זע, איז איין קאָליר!





ראָז דער טאטע, ראָז די הון,
ראָז די כמארע, ראָז די זון,
און די גאנצע וועלט איז ראָז
(ווײַל איך האָב אזא מין גלאָז).

ביניאָמין גוטיאנסקי



# וואַלדהיים

וואַלדהיים. אַ היים אין וואַלד. אַזוי האָבן אָנגערופן אָט דאָס דאָרף די ערשטע ייִנע בויער. ווען זיי זײַנען אַהער געקומען, איז אויף אָט דעם אָרט געווען ווילדע טײַגע. די ערשטע בויער זײַנען געווען העלדישע מענטשן. זיי האָבן זיך ניט געשראָקן פאַר שוועריקייטן. זיי האָבן געקאָרטשעוועט די טײַגע, צעאַקערט די ערשטע העקטאַרן ערד, אויסגעבויט די ערשטע הײַזער.

איצט איז דאָס דאָרף וואַלדהיים באַוווּסט ניט נאָר אויף דעם ווײַטן מיזרעך, נאָר איבער דעם





גאנצן לאנד. דאָ געפינט זיך איינער פון די בעסטע קאָלווירטן — דער קאָלווירט „איליטשס געבאָטן”. דער קאָלווירט איז באַלוינט מיט דעם אָרדען פון דער רויטער ארבעטס־פאָן פאר די גרויסע דערפאָלגן אין דער לאנדווירטשאפט.

פארוואָס האָבן די ערשטע בויער אָנגערופן דאָס דאָרף — וואלדהיים?

ווער זײַנען געוועזן די ערשטע בויער?

וואָס קאָנט איר דערציילן וועגן דעם קאָלווירט „איליטשס געבאָטן”?

# באם

באם — די בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל — איז אַן אַלפֿאַלקישע בויונג. די אײַזנבאַן־ליניע בויען רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, קאַזאַכן, ייִדן, מאָלדאַוואַנער, אוזבעקן און פֿאָרשטייער פֿון אַנדערע פֿעלקער פֿון אונדזער לאַנד. די אַרבעטנדיקע פֿון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט העלפֿן בויען די בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל. דער שפּאַלן־זאַוואָד פֿון דעם ייִשעוו אַאור גרייט פֿאַר די נײַע אײַזנבאַן־





וועגן שפּאַלעס. די אַרבעטער פון דער שטאָט אָבלוטשיע האָבן דורכגעלייגט עלעקטרישע ליניעס אין די ייִשובֿים פון דער מאַגיסטראַל — אורגאַל, טשעגדאָמין, טינדאַ. אין דער טיפער טײַגע ווערט געשאַפן אַ נײַ לעבן.

**וואָס איז אַזוינס — ב א ם?**
**ווער בויט די בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל?**
**מיט וואָס העלפן די אַרבעטנדיקע פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט בויען דעם ב א ם?**



# אמורזעט

דעם 18 יון 1928 האָט זיך בא דעם דאָרף יעקאַטערינאָ־ניקאָלסקאָיע אף דעם אמור אָפּגעשטעלט די שיף „דזערזשינסקי”. זי האָט געבראַכט אהער 120 מענטשן — די ערשטע איבערוואַנדערער. אף אָט דעם אָרט האָבן זיי געטראָפן אינגאַנצן צוויי קליינע שטיבלעך.



אזוי איז אױף דעם סאַמע ברעג פֿון דעם טײַך אַמור געשאַפֿן געוואָרן אַ נײַער ייִשעוו. מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן — אַמורזעט. איצט איז אַמורזעט דער צענטער פֿון דעם אָקטיאַבערישן ראַיאָן אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. דאָס איז שוין אַ גרויס דאָרף מיט שיינע, ברייטע גאַסן און פּלעצער, מיט סקווערן און סעדער. אין אַמורזעט געפֿינט זיך איינער פֿון די גרעסטע סאָווירטן אין דער געגנט. ער אַרבעט אויס ברויט און גרינוואַרג, פֿלייש און מילך. זײַן פּראָדוקציע גייט אין אַלע עקן פֿון דעם כאַבאַראָווסקער קאַנט.

**ווען איז געשאַפֿן געוואָרן אַמורזעט?**

# קולדור

אין די באַרגיקע ערטער פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט שלאָגן פֿון דער ערד הייסע קוואַלן. באַזונדערס איז מיט זיי באַוווּסט דער ייִשעוו קולדור. דאָ איז אויסגעבויט דער באַרימטער וועלטמיזרעכדיקער קוראָרט.



# פססר – אונדזער היימלאַנד

מיר לעבן אין א ווונדערלעך לאַנד.

און הייסן הייסט אונדזער לאַנד פ ס ס ר — פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע סאָוועטן־רעפּובליקן.

איין מוטער איז פאַראַן בא א מענטשן. איינס איז בא אים אויך דאָס היימלאַנד.

גרויס און מעכטיק איז אונדזער לאַנד. פססר איז דאָס גרעסטע לאַנד אין דער וועלט. ווען אף איין עק פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד הייבט זיך אָן די נאַכט, איז אף דעם צווייטן עק שוין פונלאַנג געקומען דער פרימאָרגן.

רײַך און שײן איז אונדזער הײמלאַנד. שטעט און דערפער, טײַכן און ימען, פעלדער און װעלדער, בערג און טאָלן — דאָס אַלץ איז אונדזער הײמלאַנד.

אין סאָװעטנפאַרבאַנד לעבן פאַרשײדענע פעלקער. און אַלע צוזאַמען בױען קאָמוניזם.

**װי אַזױ הײסט אונדזער הײמלאַנד?**
**מיט װאָס איז רײַך אונדזער לאַנד?**









# מאָסקווע

מאָסקווע איז די הויפּט–שטאָט פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. דאָס איז די גרעסטע שטאָט בא אונדז אין לאַנד. אין מאָסקווע האָט געלעבט און געאַרבעט וולאַדימיר איליטש לענין. אין צענטער פון דער שטאָט, אַף דעם רויטן פּלאַץ, געפינט זיך דער קרעמל. בא דער קרעמל־וואַנט שטייט דער לענין־מאַוזאָליי. אין מאָסקווע אַרבעט די סאָוועטישע רעגירונג.

פּרעכטיק איז מאָסקווער מעטראָ. דאָס איז אַן אײַזנבאַן־ליניע, וואָס ציט זיך אַף הונדערטער קילאָמעטער אונטער דער ערד, און יעדער סטאַנציע איז ווי א ווונדערלעכער פּאַלאַץ.




אין אלע צײַטן פון יאָר איז מאָסקווע שיין. פּרעכטיק זײַנען אירע גאסן, פּראָספּעקטן, פּלעצער און סקווערן. מיליאָנען מענטשן קומען קיין מאָסקווע. מע באזוכט אירע פילצאָליקע מוזייען, טעאטערס, אויסשטעלונגען. עס קומען אהער צו פאָרן א סאך טוריסטן פון פארשיידענע לענדער.

אלע סאָוועטישע מענטשן האָבן ליב אונדזער הויפּט-שטאָט — מאָסקווע.

**ווי הייסט די הויפּט-שטאָט פון אונדזער היימלאנד? דערציילט, וואָס ווייסט איר וועגן מאָסקווע.**




# אונדזער קאָנסטיטוציע

פרעגט בא אײַערע טאַטעס אָדער מאַמעס, זיידעס אָדער באָבעס, וואָס אַזוינס איז קאָנסטיטוציע, וועלן זיי ענטפערן:

— קאָנסטיטוציע — דאָס באַטײַט גרונט־געזעץ. די קאָנסטיטוציע פון פססר איז דער גרונט־געזעץ פון אונדזער מעלוכע. לויט אָט דעם העכסטן געזעץ לעבן אַלע מענטשן פון אונדזער לאַנד.

אין דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע איז פאַרשריבן: אַלע בירגער פון פססר האָבן רעכט אַף אַרבעט, אַף בילדונג, אַף אָפּרו.

די גרעסטע פליכט פון די סאָוועטישע מענטשן איז פאַרטיידיקן דאָס היימלאַנד פון סאָנים.

די סאָוועטישע מעלוכע — דאָס איז אַ פרײַנטלעכע מישפּאָכע פון פעלקער מיט גלײַכע רעכט. לויט דער קאָנסטיטוציע פון פּססר גייט אַרײַן די ייִדישע אוטאָנאָמע געגנט אין באַשטאַנד פון כאַבאַראָווסקער קאַנט פון דער רוסלענדישער פעדעראַטיווער סאָציאַליסטישער סאָוועטן־רעפּובליק.

די גאַנצע וועלט ווייסט, ווי פרײַ מיר לעבן אין אונדזער היימלאַנד.

דעם 7 אָקטיאַבער פײַערט מען בײַ אונדז אין לאַנד דעם יאָמטעוו פון דער קאָנסטיטוציע פון פּססר. דאָס איז אַן אַלפאָלקישער יאָמטעוו.

וואָס איז אַזוינס קאָנסטיטוציע פון פּסס״ר?

וואָס איז פאַרשריבן אין אונדזער קאָנסטיטוציע?

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די סאָוועטישע מעלוכע?

ווען פײַערט מען דעם טאָג פון דער קאָנסטיטוציע?



# פאַרשיידענע ווערטער

ווערטער זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע: פֿריילעכע און טרויעריקע, לאַנגע און קורצע, גרויסע און קליינע. אַט, לעמאָשל: טיש, צוויי, שילערן, גוט. פאַראַן ווערטער העפֿלעכע: אַ דאַנק, ביטע, גוט מאָרגן, צו געזונט. פאַראַן ווערטער זייער וויכטיקע: פּאַרטיי, קאָמוניסט, אָקטיאַבערל, פּיאָנער, שאָלעם. פאַראַן ווערטער זייער טײַערע: מאַמע, טאַטע, כאַווער, שול, ברודער, שוועסטער, באָבע, זיידע.





**אָבער דאָס סאַמע וויכטיקע, דאָס סאַמע טײַערע איז דאָס וואָרט — היימלאַנד!**

וואָס פאַר א ווערטער זײַנען פאַראַן?
רופֿט אָן די העפלעכע ווערטער.
רופט אָן די זייער וויכטיקע און טײַערע ווערטער.
וואָס איז דאָס סאַמע טײַערע וואָרט?

# דער יאָמטעוו פונעם אלעפביים

אויגן שייַנען, בעקלעך גלאנצן
הייַנט אין קלאס בא יעדן איינעם,
לאָמיר טאנצן, לאָמיר טאנצן
אף דעם יאָמטעוו
אף דעם שיינעם!

טאנצט דער אלעף מיט דעם זייַען,
און דער דאלעד מיט דעם אייַען,
און דער גימל מיט דעם היי,
און דער לאמעד מיט דעם פיי.






הענט אף אקסל, הענט צוזאמען,
און צעטראָגט די נײַס אין פריידן:
זאָגט דעם טאטן,
זאָגט דער מאמען,
זאָגט דער באָבען,
זאָגט דעם זיידן!

טאנצט דער סאמעך
מיט דעם בייס,
און דער צאדיק מיט דעם רייש,
טעס און קוף, און יוד און וואָוו,
נון און מעם, און שין און כאָף.



זאָלן אלע נאכעס קלײַבן
מיט דעם אלעפבייס אינײנעם:
אלע אויס׳עס מיר שרײַבן!
אלע אויס׳עס מיר לייענען!

אויגן שײַנען, בעקלעך גלאנצן
הײַנט אין קלאס בא יעדן איינעם,
לאָמיר טאנצן, לאָמיר טאנצן
אף דעם יאָמטעוו
אף דעם שיינעם!





ש ש ש ש ש   אָשער און זײַן

שוועסטער לערנען אין שול.

זיי לערנען אין דער שול

רוסיש און ייִדיש.



ק ק ק ק   קלארע, קירע

און וויקטאָר קוקן קינאָ.

אין קלאס זײַנען קווייטן.

זיי זײַנען שיין.



ב ב ב ב ב

בעװרע בעװרע, שטיל —

קיין װאָרט!



ק ק ק ק ק

בעווער, בעווער, קריך אין טײַך!



ג ג ג ג ג   זײַט גרייט!

שטענדיק גרייט!



ב ב ב ב ב   בוזי שרײַבט

א בריוו דער באָבען.



מ מ מ מ מ   מירע און

מאשע גייען אין שול.



ם ם ם ם ם

קום, קום, קום, מיט מיר!



פּ פּ פּ פּ פּ   די פּארטעס

זײַנען ריין.   א פּאָפּוגײַ



פ פ פ פ פ   א פלאץ.

א פאָן, פוטבאָל



ף ף ף ף ף   איף פינף

פורן פאָרן פישער.



צ צ צ צ צ   זיצט א

קעצל איף דעם פענצטער.



ץ ץ ץ ץ ץ   די קאץ.

דער פלאץ. איך טאנץ.

אונדזער קלאסן-צימער איז

גרויס און שיין. די שווערסטע ארבעט איז

ליידיק צו גיין.



ק ק ק ק ק

הײַנט איז בײַ אונדז אין הויף א
שאבעסניק. הערשל האקט האָלץ.
דער הונט האווקעט אף דער הון.
וואלדהײם איז א ייִשעוו לעבן ביראָבידזשאן.
דער יאָמטעוו פון גרויסן אָקטיאבער.
אונדזער לאנד איז גרויס און שײן.
אונדז איז גוט אין אונדזער הײם.
א שנײיִקער ווינטער. א רויִקער פרימאָרגן.
די סאָוועטישע ארמײ, די אוויִאציע,
דער יאם-פלאָט.

זש

זש זש זש זש זש
איך האָב א כאווער.
ער הײסט זשעניע זשוקאָוו.
בינען זשומען: זשו-זשו-זשו...

מיר לייענען דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".




טש טש טש טש טש

דער טשאַבאַן טרײַבט די טשערעדע. דער טשײַניק זידט.

מיר קאָכן שוין פֿרישטיקן.

אַ יאָר האָט צוועלף חדשים.

אַ שעה האָט זעכציק מינוט.

אַ וואָך האָט זיבן טעג.

מאָנטיק, דינסטיק,

מיטוואָך, דאָנערשטיק,

פֿרײַטיק, שבת, זונטיק.

איינס, צוויי, דרײַ, פיר,

יונגע אָקטיאָבערלעך זײַנען מיר.

פינף, זעקס, זיבן, אכט —
די לימודים שוין געמאכט.
די שילער פון אונדזער קלאס לערנען
זיך פלייסיק. זיי לייענען א סך און
קענען שוין ריידן אויף יידיש.
היינט זיינען מאריק און ליזע דעזשורנע
אין קלאס. זיי קומען פרי אין שול. מאריק
עפנט אין קלאס די פענצטער. ליזע
באגיסט די בלומען.
קיינמאָל לייג ניט אָפּ אויף מאָרגן,
וואָס דו קאָנסט נאָך היינט באזאָרגן.
נאָך דעם ווינטער קומט דער פרילינג.
היט אָפּ די פייגל — זיי זיינען אונדזערע
פריינט. היט אָפּ די ביימער, ברעכט
ניט זייערע צווייגן.

יעדער נעמט זיך, ווען ער וויל,
יעדער קלייבט זיך אויס צו שפּיל.
צו דעם אַכטן מאַרץ גרייטן אַלע קינדער
מאַטאָנעס פֿאַר די מאַמעס, באָבעס און
פֿאַר די עלטערע שוועסטער.
אָקטיאַבערלעך, אָקטיאַבערלעך
פֿון גרויסן לענין — לאַנד!
דער ערשטער מיי איז אַ יאָנטעוו באַ אַלע
אַרבעטנדיקע פֿון דער גאַנצער וועלט. אַלע
פֿעלקער אויף דער ערד דעמאָנסטרירן זייער
ווילן צו קעמפֿן פֿאַר שאָלעם און פֿרייהייט.
„מאָרגן וועל איך זיך שפּילן, און היינט וועל
איך אַרבעטן," — זאָגט דער פֿלייסיקער.
„מאָרגן וועל איך אַרבעטן, און היינט וועל
איך זיך שפּילן," — זאָגט דער פֿוילער.

בירָאָביִדזשאַן איז דער צענטער פֿון דער
ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. אַמאָל איז דאָ
געווען אַ קליינינקע אייזנבאַן־סטאַנציע
טיכאָנקאַיאַ. איצט איז בירָאָביִדזשאַן אַ
גרויסע שטאָט.

שיין און רײַך איז די נאַטור פֿון דער ייִדישער
אויטאָנאָמער געגנט. אויף די פֿעלדער וואַקסן
ווייץ און רײַז, קוקורוזע און קאַרטאָפֿל. אַ
דריטבײַלעך פֿון דער טעריטאָריע פֿון דער
געגנט פֿאַרנעמען וועלדער.

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען
דעם בירע־טײַך?

אין שיינקייט איז ער מיט דעם
דניעפּער גלײַך.

שאָלעם־אַלייכעם איז אַ גרויסער ייִדישער

שרײַבער. ער האָט זייער ליב געהאַט
קינדער און געשאַפֿן פֿאַר זיי אַ סאַך
אינטערעסאַנטע דערציילונגען.
באַם — די באַיקאַל-אַמורער מאַגיסטראַל —
איז אַ אַלפֿאָלקישע בויונג.

## פֿאַרשײדענע ווערטער

ווערטער זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשײדענע: פֿרײלעכע
און טרויעריקע, לאַנגע און קורצע, גרויסע און
קליינע. אָט, למשל: טיש, צוויי, שילער, גוט,
טראַקטאָריסט. פֿאַראַן ווערטער העפֿלעכע:
אַ דאַנק, ביטע. פֿאַראַן ווערטער זייער
וויכטיקע: פּאַרטיי, קאָמוניסט, שאָלעם.
פֿאַראַן ווערטער זייער טײַערע: מאַמע, טאַטע,
באָבע. אָבער דאָס סאַמע וויכטיקס, דאָס סאַמע
טײַערס איז דאָס וואָרט — היימלאַנד!

כאַיםביידער, שימען סאַנדלער,
נאָכעם קראַוועץ, העשל ראַבינקאָוו

# אלעפּבייס

כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג, 1982, 240 זײַטן
רעדאַקטאָר כ. ביידער
קינסטלערישער רעדאַקטאָר און מאַקעט —
וו. ג. יעוושקאָוו

געמעלן פון די קינסטלער: ד. ד. גאַגאַרקינא, נ. פּ. לאָבאַ־
נאָוו, מ. א. ניקיטין, ב. ל. ריטמאַן, י. ס. סלוקצער,
יע. ס. שאַבעלניק, פּ. ט. שטשערבאַקאָוו
האַנט־שריפט — וו. אָ. אָוואַנעסבעגיאַנץ
טעכנישער רעדאַקטאָר י. שוסטער
קאָרעקטאָר ד. גראָזאָווסקע

כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג, 680620, כאַבאַראָווסק,
סערישעוו־גאַס, 31.

אויסגעזעצט אין דער באַלוינטער מיטן אָרדען פון דער
רויטער אַרבעטס־פאָן מאָסקווער טיפּאָגראַפיע נומ. 7 „איסק־
רא רעוואָליוצי?" פון „סאָיוזפּאָליגראַפּפּראָם" פונעם מעלוכע־
קאָמיטעט פון ססר איבער די ענינים פונעם פאַרלאַג־
וועזן, פּאָליגראַפיע און בוך־האַנדל. 121910, מאָסקווע,
אַקסאַקאָוו־געסל, הויז נומ. 13

אָפּגעדרוקט אין דער באַלוינטער מיטן אָרדען פון דער
רויטער אַרבעטס־פאָן מאָסקווער פאַבריק „דיעטסקאַיאַ
קניגאַ" נומ. 1 פון „ראָסגלאַוופּאָליגראַפּפּראָם" פונעם מעלו־
כע־קאָמיטעט פון רספסר איבער די ענינים פונעם פאַר־
לאַג־וועזן, פּאָליגראַפיע און בוך־האַנדל. 103030, מאָסקווע,
סושטשעווסקי וואַל, נומ. 49

**Хаим Бейдер, Семен Сандлер,**

**Наум Кравец, Григорий Рабинков**

# БУКВАРЬ НА ЯЗЫКЕ ИДИШ


Утвержден отделом народного образования
Еврейской автономной области
в качестве учебного пособия

Редактор Х. В. Бейдер

Художественная редакция и макет *В. Г. Ежкова*
Рисунки художников: *Д. Д. Гагаркиной,*
*Н. П. Лобанова, М. А. Никитина,*
*Б. Л. Рытмана, И. С. Слуцкера,*
*Е. С. Шабельника, П. Т. Щербакова*
Прописи *В. О. Ованнесбегянца*
Технический редактор *И. Ф. Шустер*
Корректор *Д. С. Грозовская*

ИБ № 646

Сдано в набор 12.05.81. Подписано к печати 27.08.82.
Формат 70x90/16. Бумага офсетная № 1.
Печать офсетная. 17,55 усл. печ. л.
+ 0,29 вкладка. 22,08 уч. изд. л. + 0,47 вкладка.
73,11 усл. кр. отт. + 1,16 вкладка.
Тираж 5000 экз. Заказ 4029. Цена 60 коп.

Хабаровское книжное издательство
Государственного комитета РСФСР по делам
издательств, полиграфии и книжной торговли.
680620, Хабаровск, ул. Серышева, 31.
Набрано в ордена Трудового Красного Знамени
Московской типографии № 7 „Искра революции"
Союзполиграфпрома Государственного
комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжнои торговли.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13.
Отпечатано на ордена Трудового Красного
Знамени фабрике „Детская книга" № 1
Росглавполиграфпрома Государственного
комитета РСФСР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
127018, Москва, Сущевский вал, 49.

**Хаим Бейдер, Семен Сандлер,**

**Наум Кравец, Григорий Рабинков**

# БУКВАРЬ НА ЯЗЫКЕ ИДИШ

Утвержден отделом народного образования
Еврейской автономной области
в качестве учебного пособия

Редактор Х. В. Бейдер

Художественная редакция и макет *В. Г. Ежкова*
Рисунки художников: *Д. Д. Гагаркиной,*
*Н. П. Лобанова, М. А. Никитина,*
*Б. Л. Рытмана, И. С. Слуцкера,*
*Е. С. Шабельника, П. Т. Щербакова*
Прописи *В. О. Ованнесбегянца*
Технический редактор *И. Ф. Шустер*
Корректор *Д. С. Грозовская*

ИБ № 646

Сдано в набор 12.05.81. Подписано к печати 27.08.82.
Формат 70x90/16. Бумага офсетная № 1.
Печать офсетная. 17,55 усл. печ. л.
+ 0,29 вкладка. 22,08 уч. изд. л. + 0,47 вкладка.
73,11 усл. кр. отт. + 1,16 вкладка.
Тираж 5000 экз. Заказ 4029. Цена 60 коп.

Хабаровское книжное издательство
Государственного комитета РСФСР по делам
издательств, полиграфии и книжной торговли.
680620, Хабаровск, ул. Серышева, 31.
Набрано в ордена Трудового Красного Знамени
Московской типографии № 7 „Искра революции"
Союзполиграфпрома Государственного
комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжнои торговли.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13.
Отпечатано на ордена Трудового Красного
Знамени фабрике „Детская книга" № 1
Росглавполиграфпрома Государственного
комитета РСФСР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
127018, Москва, Сущевский вал, 49.

כאַים ביידער, שימען סאַנדלער,
נאָכעם קראַוועץ, העשל ראַבינקאָוו

# אלעפבייס

כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג, 1982, 240 זײַטן
רעדאַקטאָר כ. ביידער
קינסטלערישער רעדאַקטאָר און מאַקעט —
וו. ג. יעזשקאָוו

געמעלן פון די קינסטלער: ד. ד. גאַגאַרקינאַ, נ. פּ. לאָבאַ־
נאָוו, מ. א. ניקיטין, ב. ל. ריטמאַן, י. ס. סלוקצער,
יע. ס. שאַבעלניק, פּ. ט. שטשערבאַקאָוו
האַנט־שריפט — וו. אַ. אָוואַנעסבעגיאַנץ
טעכנישער רעדאַקטאָר י. שוסטער
קאָרעקטאָר ד. גראָזאָווסקע

כאַבאַראָווסקער ביכער־פאַרלאַג, 680620, כאַבאַראָווסק,
סערישעוו־גאַס, 31.

אויסגעזעצט אין דער באַלוינטער מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן מאָסקווער טיפּאָגראַפיע נום. 7 „איסקראַ רעוואָליוציִי” פון „סאָיוזפּאָליגראַפּפּראָם” פונעם מעלוכע־קאָמיטעט פון פססר איבער די ענינים פונעם פאַרלאַג־וועזן, פּאָליגראַפיע און בוך־האַנדל. 121910, מאָסקווע,
אַקסאַקאָוו־געסל, הויז נום. 13

אָפּגעדרוקט אין דער באַלוינטער מיטן אָרדען פון דער רויטער אַרבעטס־פאָן מאָסקווער פאַבריק „דיעטסקאַיאַ קניגאַ” נום. 1 פון „ראָסגלאַוופּאָליגראַפּפּראָם” פונעם מעלוכע־קאָמיטעט פון רספסר איבער די ענינים פונעם פאַר־לאַג־וועזן, פּאָליגראַפיע און בוך־האַנדל. 103030, מאָסקווע,
סושטשעווסקי וואַל, נום. 49

שרײַבער. ער האָט זײער ליב געהאַט
קינדער און געשאַפֿן פֿאַר זײ אַ סך
אינטערעסאַנטע דערצײלונגען.

<u>באַם</u> — די בײַקאַל-אַמורער מאַגיסטראַל —
איז אַ אַלפֿאָלקישע בױונג.

## פֿאַרשײדענע װערטער

װערטער זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשײדענע: פֿרײלעכע
און טרױעריקע, לאַנגע און קורצע, גרױסע און
קלײנע. למשל: טיש, צװײ, שילער, גוט,
טראַקטאָריסט. פֿאַראַן װערטער העפֿלעכע:
אַ דאַנק, ביטע. פֿאַראַן װערטער זײער
ליבטיקע: פֿאָרטײ, קאָמוניסט, שלום.
פֿאַראַן װערטער זײער טײַערע: מאַמע, טאַטע,
באווער. אָבער דאָס סאַמע ליבטיקס, דאָס סאַמע
טײַערס איז דאָס װאָרט — הײמלאַנד!

ביראָבידזשאַן איז דער צענטער פון דער
ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. אַמאָל איז דאָ
געווען אַ קליינינקע אײַזנבאַן – סטאַנציע
טיכאָנקאַיאַ. איצט איז ביראָבידזשאַן אַ
גרויסע שטאָט.

שיין און רײַך איז די נאַטור פון דער ייִדישער
אויטאָנאָמער געגנט. אין די פעלדער וואַקסן
ווייץ און רײַז, קוקורוזע און קאַרטאָפל. אַ
דריטביילעך פון דער טעריטאָריע פון דער
געגנט פאַרנעמען וועלדער.

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען
דעם בירע–טײַך?
אין שיינהייט איז ער מיט דעם
דניעפּער גלײַך.

שאָלעם–אַלייכעם איז אַ גרויסער ייִדישער

יעדער נעמט זיך, וואָס ער וויל,
יעדער קלייבט זיך אויס א שפיל.
צו דעם אכטן מארט גרייטן אלע קינדער
מאטאָנעס פאר די מאמעס, באָבעס און
פאר די עלטערע שוועסטער.

אָקטיאבערלעך, אָקטיאבערלעך
פון גרויסן לענין – לאנד!

דער ערשטער מײַ איז א יאָמטעוו בא אלע
ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט. אלע
פעלקער אף דער ערד דעמאָנסטרירן זייער
ווילן צו קעמפן פאר שאָלעם און פרייהייט.

„מאָרגן וועל איך שפילן, און היינט וועל
איך ארבעטן," – זאָגט דער פלייסיקער.
„מאָרגן וועל איך ארבעטן, און היינט וועל
איך שפילן," – זאָגט דער פוילער.

פינף, זעקס, זיבן, אכט –
די לימודים שוין געמאַכט.
די שילער פֿון אונדזער קלאַס לערנען
זיך פֿלײַסיק. זיי לייענען אַ סאַך און
קענען שוין רעדן אויף ייִדיש.
הײַנט זײַנען מאַריק און ליזע דעזשורנע
אין קלאַס. זיי קומען פֿרי אין שול. מאַריק
עפֿנט אין קלאַס די פֿענצטער. ליזע
באַגיסט די בלומען.
קיינמאָל לייג ניט אָפּ אויף מאָרגן,
וואָס דו קאָנסט נאָך הײַנט באַזאָרגן.
נאָך דעם ווינטער קומט דער פֿרילינג.
היט אָפּ די פֿייגל – זיי זײַנען אונדזערע
פֿרײַנט. היט אָפּ די ביימער, ברעכט
ניט זייערע צווייגן.

מיר לייענען דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".



טש טש טש טש טש

דער טשאַבאַן טרײַבט די טשערעדע. דער טשײַניק זידט.

מיר קאָנען שוין פּרישטיקן.

אַ יאָר האָט צוועלף חדשים.

אַ שעה האָט זעכציק מינוט.

אַ וואָך האָט זיבן טעג.

מאָנטיק, דינסטיק,

מיטוואָך, דאָנערשטיק,

פרײַטיק, שאַבעס, זונטיק.

איינס, צוויי, דרײַ, פיר,

יונגע אָקטיאָבערלעך זײַנען מיר.

הײנט איז בא אונדז אין הויף א
שאבעסניק. הערשל האקט האָלץ.
דער הונט האווקעט אף דער הון.
וואלדהיים איז א ייִשעוו לעבן ביראָבידזשאן.
דער יאָמטעוו פון גרויסן אָקטיאבער.
אונדזער לאנד איז גרויס און שיין.
אונדז איז גוט אין אונדזער היים.
א שנײיקער ווינטער. א רויִקער פרימאָרגן.
די סאָוועטישע ארמיי, די אוויאציע,
דער יאם-פלאָט.




זש זש זש זש זש
איך האָב א באווער.
ער הייסט זשעניע זשוקאָוו.
בינען זשומען: זשו-זשו-זשו...



פ פ פ פ פ   אַ פלאַם.

אַ פאָן, פוטבאָל



ף ף ף ף ף   אויף פינף

פורן פאָרן פישער.



צ צ צ צ צ   זיצט אַ

קעצל אויף דעם פענצטער.



ץ ץ ץ ץ ץ   די קאַץ.

דער פלאַץ. איך טאַנץ.

אונדזער קלאַסן-צימער איז

גרויס און שיין. די שווערסטע אַרבעט איז

ליידיק צו גיין.



ה ה ה ה ה

בעװרע, בעװרע, קריך אין טײַך!




ג ג ג ג ג זײַט גרייט!

שטענדיק גרייט!




ב ב ב ב ב בוזי שרײַבט

א בריוו דער באָבען.




מ מ מ מ מ מירע און

מאשע גייען אין שול.




ם ם ם ם ם

קום, קום, קום, מיט מיר!




פּ פּ פּ פּ פּ די פּארטעס

זײַנען ריין. א פּאָפּוגײַ



ש ש ש ש ש אָשער און זײַן

שוועסטער לערנען אין שול.

זיי לערנען אין דער שול

רוסיש און ייִדיש.



ק ק ק ק קלארע, קירע

און וויקטאָר קוקן קינאָ.

אין קלאס זײַנען קווייטן.

זיי זײַנען שיין.



ב ב ב ב ב

בעוורע בעוורע, שטיל –

קיין וואָרט!



ך ך ך ך ך



ק ק ק ק

קע, ראָקע, א ראָב!

קע, קאָרו, א סאָב!



ו ו ו ו   בירע, בירעס

ביר, ריר, קיס, קיב, ריס



אי אי אי   אירע, איבע

איק. אירע איק באָ?



ט ט ט ט ט   טאָטע, ריטע

ראָטע, בראָט, באָרט.

ריטעס טאָטע איק א ראָביסט.



נ נ נ נ   נאָטע, בינע

סאָסנע, נאָק, קאָנע

זאָלן אלע נאכעס קלײַבן
מיט דעם אלעפבייס איניינעם:
אלע אויסיִעס מיר שרײַבן!
אלע אויסיִעס מיר לייענען!

אויגן שײַנען, בעקלעך גלאנצן
הײַנט אין קלאס בא יעדן איינעם,
לאָמיר טאנצן, לאָמיר טאנצן
אף דעם יאָמטעוו
אף דעם שיינעם!



הענט אף אקסל, הענט צוזאמען,
און צעטראָגט די נײַס אין פריידן:
זאָגט דעם טאטן,
זאָגט דער מאמען,
זאָגט דער באָבען,
זאָגט דעם זיידן!

טאנצט דער סאמעך
מיט דעם בייס,
און דער צאדיק מיט דעם רייש,
טעס און קוף, און יוד און וואָוו,
נון און מעם, און שין און כאָף.






# דער יאָמטעוו פֿונעם אַלעפבייס

אויגן שיַינען, בעקלעך גלאַנצן
הײַנט אין קלאַס בא יעדן איינעם,
לאָמיר טאַנצן, לאָמיר טאַנצן
אַף דעם יאָמטעוו
אַף דעם שיינעם!

טאַנצט דער אַלעף מיט דעם זײַען,
און דער דאַלעד מיט דעם אײַען,
און דער גימל מיט דעם היי,
און דער לאַמעד מיט דעם פּיי.







**אָבער דאָס סאמע וויכטיקע, דאָס סאמע טײַערע איז דאָס וואָרט — היימלאנד!**

וואָס פאר א ווערטער זײַנען פאראן?
רופֿט אָן די העפלעכע ווערטער.
רופט אָן די זייער וויכטיקע און טײַערע ווערטער.
וואָס איז דאָס סאמע טײַערע וואָרט?



# פֿאַרשיידענע ווערטער

ווערטער זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע: פֿריילעכע און טרויעריקע, לאַנגע און קורצע, גרויסע און קליינע. אָט, לעמאָשל: טיש, צווייִ, שילערן, גוט. פֿאַראַן ווערטער העפֿלעכע: אַ דאַנק, ביטע, גוט מאָרגן, צו געזונט. פֿאַראַן ווערטער זייער וויכטיקע: פּאַרטיי, קאָמוניסט, אָקטיאַבערל, פּיאָנער, שאָלעם. פֿאַראַן ווערטער זייער טײַערע: מאַמע, טאַטע, כאַווער, שול, ברודער, שוועסטער, באָבע, זיידע.

די גרעסטע פליכט פון די סאָוועטישע מענטשן איז פאַרטיידיקן דאָס היימלאַנד פון סאָנים.

די סאָוועטישע מעלוכע — דאָס איז אַ פרײַנטלעכע מישפּאָכע פון פעלקער מיט גלײַכע רעכט. לויט דער קאָנסטיטוציע פון פּססר גייט אַרײַן די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט אין באַשטאַנד פון כאַבאַראָווסקער קאַנט פון דער רוסלענדישער פעדעראַטיווער סאָציאַליסטישער סאָוועטן־רעפּובליק.

די גאַנצע וועלט ווייסט, ווי פרײַ מיר לעבן אין אונדזער היימלאַנד.

דעם 7 אָקטיאַבער פײַערט מען בײַ אונדז אין לאַנד דעם יאָמטעוו פון דער קאָנסטיטוציע פון פּססר. דאָס איז אַן אַלפאָלקישער יאָמטעוו.

וואָס איז אַזוינס קאָנסטיטוציע פון פּססר?

וואָס איז פאַרשריבן אין אונדזער קאָנסטיטוציע?

וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די סאָוועטישע מעלוכע?

ווען פײַערט מען דעם טאָג פון דער קאָנסטיטוציע?




# אונדזער קאָנסטיטוציע

פרעגט בא אײַערע טאַטעס אָדער מאַמעס, זיידעס אָדער באָבעס, וואָס אַזוינס איז קאָנסטיטוציע, וועלן זיי ענטפערן:

— קאָנסטיטוציע — דאָס באַטײַט גרונט־געזעץ. די קאָנסטיטוציע פון פססר איז דער גרונט־געזעץ פון אונדזער מעלוכע. לויט אָט דעם העכסטן געזעץ לעבן אַלע מענטשן פון אונדזער לאַנד.

אין דער סאָוועטישער קאָנסטיטוציע איז פאַרשריבן: אַלע בירגער פון פססר האָבן רעכט אַף אַרבעט, אַף בילדונג, אַף אָפּרו.





אין אלע צײַטן פון יאָר איז מאָסקווע שיין. פּרעכטיק זײַנען אירע גאַסן, פּראָספּעקטן, פּלעצער און סקווערן. מיליאָנען מענטשן קומען קיין מאָסקווע. מע באַזוכט אירע פּילצאָליקע מוזייען, טעאַטערס, אויסשטעלונגען. עס קומען אַהער צו פאָרן אַ סאַך טוריסטן פון פאַרשיידענע לענדער.

אַלע סאָוועטישע מענטשן האָבן ליב אונדזער הויפּט-שטאָט — מאָסקווע.

**ווי הייסט די הויפּט-שטאָט פון אונדזער היימלאַנד? דערציילט, וואָס ווייסט איר וועגן מאָסקווע.**





# מאָסקווע

מאָסקווע איז די הויפּט–שטאָט פֿון דעם סאָוועטנפֿארבאנד. דאָס איז די גרעסטע שטאָט בא אונדז אין לאנד. אין מאָסקווע האָט געלעבט און געארבעט וולאדימיר איליטש לענין. אין צענטער פֿון דער שטאָט, אף דעם רויטן פּלאץ, געפֿינט זיך דער קרעמל. בא דער קרעמל־וואנט שטייט דער לענין־מאַוזאָליי. אין מאָסקווע ארבעט די סאָוועטישע רעגירונג.

פּרעכטיק איז מאָסקווער מעטראָ. דאָס איז אן אײַזנבאן־ליניע, וואָס ציט זיך אף הונדערטער קילאָמעטער אונטער דער ערד, און יעדער סטאנציע איז ווי א ווּנדערלעכער פּאלאץ.

רײַך און שײן איז אונדזער הײמלאַנד. שטעט און דערפער, טײַכן און יאַמען, פעלדער און װעלדער, בערג און טאָלן — דאָס אַלץ איז אונדזער הײמלאַנד.

אין סאָװעטנפאַרבאַנד לעבן פאַרשײדענע פעלקער. און אַלע צוזאַמען בויען קאָמוניזם.

װיאַזוי הײסט אונדזער הײמלאַנד?
מיט װאָס איז רײַך אונדזער לאַנד?







# פססר — אונדזער היימלאַנד

מיר לעבן אין א ווונדערלעך לאַנד.

און הייסן הייסט אונדזער לאנד פ ס ס ר — פאַרבאַנד פון סאָציאַליסטישע סאָוועטן־רעפּובליקן.

איין מוטער איז פאַראַן בא א מענטשן. איינס איז בא אים אויך דאָס היימלאַנד.

גרויס און מעכטיק איז אונדזער לאנד. פססר איז דאָס גרעסטע לאַנד אין דער וועלט. ווען אף איין עק פון דעם סאָוועטנפאַרבאַנד הייבט זיך אָן די נאַכט, איז אף דעם צווייטן עק שוין פונלאַנג געקומען דער פרימאָרגן.

אזוי איז אף דעם סאַמע ברעג פֿון דעם טײַך אַמור געשאַפֿן געוואָרן אַ נײַער ייִשעוו. מע האָט אים אַ נאָמען געגעבן — אַמורזעט. איצט איז אַמורזעט דער צענטער פֿון דעם אַקטיאַבערישן ראַיאָן אין דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. דאָס איז שוין אַ גרויס דאָרף מיט שיינע, ברייטע גאַסן און פּלעצער, מיט סקווערן און סעדער. אין אַמורזעט געפֿינט זיך איינער פֿון די גרעסטע סאָווירטן אין דער געגנט. ער אַרבעט אויס ברויט און גרינוואַרג, פֿלייש און מילך. זײַן פּראָדוקציע גייט אין אַלע עקן פֿון דעם כאַבאַראָווסקער קאַנט.

## ווען איז געשאַפֿן געוואָרן אַמורזעט?

# קולדור

אין די באַרגיקע ערטער פֿון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט שלאָגן פֿון דער ערד הייסע קוואַלן. באַזונדערס איז מיט זיי באַוווּסט דער ייִשעוו קולדור. דאָ איז אויסגעבויט דער באַרימטער וועלט־באַרימטער קוראָרט.

# אמורזעט

דעם 18 יון 1928 האָט זיך בא דעם דאָרף יעקאַטערינאָ־ניקאָלסקאָיע אף דעם אמור אָפּגעשטעלט די שיף „דזערזשינסקי‟. זי האָט געבראַכט אהער 120 מענטשן — די ערשטע איבערוואנדערער. אף אָט דעם אָרט האָבן זיי געטראָפן אינגאנצן צוויי קליינע שטיבלעך.



וועגן שפּאַלעס. די אַרבעטער פֿון דער שטאָט אָבלוטשיע האָבן דורכגעלייגט עלעקטרישע ליניעס אין די ייִשובֿים פֿון דער מאַגיסטראַל — אורגאַל, טשעגדאָמין, טינדאַ. אין דער טיפֿער טײַגע ווערט געשאַפֿן אַ נײַ לעבן.

**וואָס איז אַזוינס — ב א ם?**
**ווער בויט די בײַקאַל-אַמורער מאַגיסטראַל?**
**מיט וואָס העלפֿן די אַרבעטנדיקע פֿון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט בויען דעם ב א ם?**



# באַם

ב א ם — די בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל — איז אַן אַלפֿאָלקישע בויונג. די אײַזנבאַן־ליניע בויען רוסן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן, קאַזאַכן, ייִדן, מאָלדאַוואַנער, אוזבעקן און פֿאָרשטייער פֿון אַנדערע פֿעלקער פֿון אונדזער לאַנד. די אַרבעטנדיקע פֿון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט העלפֿן בויען די בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל. דער שפּאַלן־זאַוואָד פֿון דעם ייִשעוו אַאור גרייט פֿאַר די נײַע אײַזנבאַן־









גאנצן לאנד. דאָ געפינט זיך איינער פון די בעסטע קאָלווירטן — דער קאָלווירט „איליטשס געבאָטן״. דער קאָלווירט איז באַלוינט מיט דעם אָרדען פון דער רויטער ארבעטס־פאָן פאר די גרויסע דערפאָלגן אין דער לאנדווירטשאפט.

פארוואָס האָבן די ערשטע בויער אָנגערופן דאָס דאָרף — וואלדהיים?

ווער זײַנען געווען די ערשטע בויער?

וואָס קאָנט איר דערציילן וועגן דעם קאָלווירט „איליטשס געבאָטן״?



# וואַלדהיים

וואַלדהיים. אַ היים אין וואַלד. אַזוי האָבן אָנגערופֿן אָט דאָס דאָרף די ערשטע זייַנע בויער. ווען זיי זייַנען אַהער געקומען, איז אויף אָט דעם אָרט געווען ווילדע טייַגע. די ערשטע בויער זייַנען געווען העלדישע מענטשן. זיי האָבן זיך ניט געשראָקן פֿאַר שוועריקייַטן. זיי האָבן געקאָרטשעוועט די טייַגע, צעאַקערט די ערשטע העקטאַרן ערד, אויסגעבויט די ערשטע הייַזער.

איצט איז דאָס דאָרף וואַלדהיים באַוווּסט ניט נאָר אויף דעם ווייַטן מיזרעך, נאָר איבער דעם



ראָז דער טאטע, ראָז די הון,
ראָז די כמארע, ראָז די זון,
און די גאנצע וועלט איז ראָז
(ווײַל איך האָב אזא מין גלאָז).

ביניאָמין גוטיאנסקי

# אזא גלאָז...

אלע ווייסן — ניט קיין נײַס:
גראָז איז גרין, און שניי איז ווײַס.
נאָר בא מיר, נאָר בא מיר —
וואָס איך זע, איז איין קאָליר!



# אין מי, ווי אין שלאַכט

וולאַדימיר איזראַיִלעוויטש פּעלער איז געווען א באַוווּסטער מענטש אין דער ייִדישער אוּר־טאָנאָמער געגנט. נאָך פאַר דער מילכאָמע האָט ער דאָ אָנגעפירט מיט א קאָלווירט. פון דעם ערשטן טאָג פון דער גרויסער פּאַטערלענדישער מילכאָמע איז ער געווען אױף דעם פראָנט. פאַר העלדישקייט אין די שלאַכטן איז ער באַלוינט געוואָרן מיט דרײַ אָרדענס פון רום. נאָך דער מילכאָמע איז וולאַדימיר פּעלער געווען פאָרזיצער פון דעם קאָלווירט „איליטשס געבאָטן." אים איז צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל העלד פון סאָציִאַליסטישער מי. אין וואַלדהיים איז איינע פון די גאַסן אָנגערופן אױף וו. פּעלערס נאָמען.

מיט וואָס איז וו. אי. פּעלער באַלוינט געוואָרן אױף דער מילכאָמע?
וואָס פאַר א טיטל האָט ער באַקומען נאָך דער מילכאָמע?

אַן אָרעם ייִנגעלע. מאָטל האָט געליטן הונגער און נויט, אָבער ער איז שטענדיק געווען פריילעך. ער האָט געלאַכט אפילו דעמלט, ווען מע האָט געדאַרפט וויינען.

באַ אונדז אין לאַנד האָט מען ליב שאָלעם־אַליי כעמען. אין דער שטאָט פּערעיאַסלאַוו אויף אוקראַיִנע, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן, איז פאַראַן אַ מוזיי פון שאָלעם־אַליי כעמען. אין ביראָבידזשאַן איז איינע פון די שענסטע גאַסן אָנגערופן מיט זײַן נאָמען.

**ווער איז שאָלעם־אַליי כעם?**
**וועלכע זײַנע ווערק האָט איר געלייענט?**
**וווּ איז געבוירן געוואָרן דער שרײַבער?**

...טויזנטער, טויזנטער בילדער האָב איך געזען אין מײַנע קינדער־יאָרן, בילדער טרויעריקע, וואָס נעמען אַן באַ דעם האַרצן, נאָר לאַכן מוז מען, וואָרעם עס איז לעכערלעך.

...לאַכן איז געזונט — דאָקטוירים הייסן לאַכן.

שאָלעם־אַליי כעם




# שאָלעם-אלייכעם

שאָלעם-אלייכעם איז א גרויסער ייִדישער שרײַבער. ער האָט אָנגעשריבן א סאך ביכער. זײַנע ווערק זײַנען איבערגעזעצט אף פיל שפראכן פון דער וועלט. ער האָט זייער ליב געהאט קינדער און געשאפן פאר זיי א סאך אינטערעסאנטע דערציילונגען. באזונדערס האָבן די קינדער ליב צו לייענען זײַן בוך „מאָטל פייסי דעם כאזנס". דאָס איז א געשיכטע וועגן

# איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען?

איר האָט נאָך, קינדער, ניט געזען
דעם בירע־טײַך?
אין שײנקײַט איז ער מיט דעם דניעפּער גלײַך,
און פֿליסן פֿליסט ער פֿון דעם דניעפּער
שנעלער.
מאכט זיך אַמאָל אַן אָפּדערנאַכט א העלער,
איז ווייסט איר, ווי די בירע זעט דאַן אויס?
אײַ, איז זי גרויס!
אײַ, איז זי ברייט!
זי יאָגט אַזוי פֿאַרטראַכטערהייט,
און אַלע ביימער קוקן פֿון איר נאַסע,
אַליין דער הימל טוקט זיך אין איר וואַסער...

ארן ווערגעליס

לייענט אויסדריקלעך,
לערנט אויס
אויף אויסווייניק.

ווו געפינט זיך דער טײַך בירע?
דערציילט וועגן דעם פּאַרק אויף דעם ברעג פֿון
דעם טײַך.



# דער טײַך בירע

די שטאָט ביראָבידזשאַן איז אויסגעבויט אַף די ברעגן פון דעם טײַך בירע. איבער דער בירע איז פאַראַן אַ גרויסער בריק. אַף דעם ברעג פון דעם טײַך שטייט אַ שיינער פּאַרק. דאָס האָבן די ערשטע בויער פון ביראָבידזשאַן איבערגעלאָזט אַ שטיק ווילדע טײַגע, ווו די אײַנוווינער פון דער שטאָט זאָלן האָבן אַ שיין אָרט צו אָפּרוען. ברייטע אַלייעס ביימער ציִען זיך אין דעם פּאַרק צו דעם סאַמע ברעג פון דער בירע. זומער קאָן מען אין דער בירע כאַפּן פיש און זיך באָדן.







אין די פּילצאַליקע טײַכן פירן זיך ביז הונדערט מינים פיש: העכט, סאזאנען, קאַרעסן, טאָלסטאָלאָב, זשאָלטאָשטשאָק, טײַמען. אונדזער ערד פאַרמאָגט א סאך רײַכטימער: צין, גראפיט, קאַלכשטיינער, דאָלאָמיטן. מיט בירעקאַנער ראָזעוון מאַרמאָר איז אויסגעפּלאסטערט די סטאנציע „בעלאָרוסקאַיא” פון מאָסקווער מעטראָ.

וואָס כאָוועט מען אויס אף די פעלדער פון דער געגנט?

וואָס פאר אביימער וואקסן אין די וועלדער?

וואָס פאר א באַלעכאַיִם קאָן מען טרעפן אין דער טײַגע?

וואָס פאר א פיש פירן זיך אין די טײַכן פון דער געגנט?

# אונדזער נאַטור

שיין און רײַך איז די נאַטור פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אױף די פעלדער וואַקסן ווייץ און רײַז, קוקורוזע און קאַרטאָפל, סאָיע און פאַרשיידענע מינים גרינס. א דריטכיילעק פון דער טעריטאָריע פון דער געגנט פאַרנעמען וועלדער. דאָ וואַקסן יאָדלעס און צעדערס, פיכטעס און בערעזעס, לינדן־ביימער און דעמבן, אמורער ווײַנטרויבן, לי־מאָניק, ברוסניקע, גאָלוביצע און אנדערע יאַגעדעס.

אין דער טײַגע זײַנען פאַראַן א סאַך באַלעכאַיִם: הירשן, קאַבאַנעס, ווילדע ציגן, הימאַלײַער בערן, וועלף, קוניצעס, באַרסוקן, בורונדוקן, וועווערקעס, האָזן, פוקסן, יאַגד־פייגל: פאַזאַנעס, קוראָפּאַטקעס, ריאַבטשיקעס, ענטלעך.










בירָאָבידזשאַן איז באַוווּסט מיט זײַן גוטער פּראָדוקציע. דאָ אַרבעט מען אויס קאָמבײַנען, טראַנספּאָרמאַטאָרס, שוכוואַרג, קליידער און פאַרשיידענע אַנדערע סכוירעס.

בירָאָבידזשאַן איז פאַרבונדן מיט דעם גאַנצן לאַנד. צוגן קומען אָן פון מיזרעך און פון מײַרעוו. אין שטאָט פאָרן אויטאָבוסן, טאַקסי און אַנדערע אויטאָמאָבילן. בירָאָבידזשאַן בויט זיך און ווערט פון יאָר צו יאָר שענער.

ווי הייסט דער צענטער פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט?

מיט וואָס איז באַרימט בירָאָבידזשאַן?



# די שטאָט ביראָבידזשאן

ביראָבידזשאן איז דער צענטער פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט. אמאָל איז דאָ געווען א קליינינקע אײַזנבאן־סטאנציע, און געהייסן האָט זי טיכאָנקאיא.

איצט איז ביראָבידזשאן א גרויסע שטאָט מיט ברייטע גאסן און פראָספעקטן. דאָ זײַנען פאראן פאבריקן און זאוואָדן, שולן און אנדערע לערן־אנשטאלטן. אף אלע גאסן פון ביידע זײַטן שטייען הויכע און גרויסע הײַזער. זייער שיין איז דער לענין־פלאץ. דאָ שטייט א דענקמאָל וולאדימיר איליטש לענינען.



דערנאָך גייען מישע און מאַרע פאַרביַי דער מילך־פערמע. פון דער שטאַל גייט אַרויס א פרוי.

— דאָס איז מיַין מאַמע, — זאָגט מישע. — זי איז א מעלקערן.

ביידע כאַווייִרים באַגריסן מישעס מאַמע. די מאַמע שמייכלט:

— איר זיַינט גוטע קינדער. פאַרשפּעטיקט אָבער ניט אויף די לימודים.

וועמען זעען מישע און מאַרע אין פעלד?

וועמען זעען זיי אויף דער מילך־פערמע?

וואָס זאָגט זיי מישעס מאַמע?

באָריס העלפט דעם זיידן, און די ארבעט גייט גיכער.
אינגיכן קומען דינע, מאשע, יאשע און פימע. אלע העלפן דעם זיידן און דער באָבען. מע פּאַיעט אָן דאָס קעלבל, מע האָדעוועט אָן די הינער, מע באגיסט די בלומען.
איצט קאָן מען שוין זיך זעצן עסן וואַרמעס.

וואָס טוט באָריס נאָך דער שול?
ווער העלפט דעם זיידן און דער באָבען?
דערציילט, וואָס פאר אן ארבעט איר טוט בא זיך אין שטוב.

## א פרימאָרגן אין קאָלווירט

אינדערפרי גייען מישע און מארע אין שול. זיי גייען פארבײַ דעם פעלד. דאָרט ארבעט א טראַקטאָר.
— דאָס ארבעט מײַן טאטע, — זאָגט מארע.— דו זעסט, ער מאכט צו אונדז מיט דער האנט.
ביידע קינדער באגריסן פונדערווײַטן מארעס טאטן.



— דו ביסט א ווויל יִינגל, — זאָגט זי. — ביז עס וועט זײַן פאַרטיק דער וואַרמעס, גיי אין הויף, דאָרט איז דער זיידע, העלף אים אין דער אַרבעט.

באָריס גייט אין הויף און זאָגט דעם זיידן:

— איך האָב געבראַכט מײַן העמערל. איך וועל דיר העלפֿן.

מעטאַלברוך. דאָס אַלץ טראָגן די שילער צו דעם שול־הויף.

פון דער מאַקולאַטור וועט מען דערנאָך אויסאַרבעטן פּאַפּיר פאַר נײַע ביכער און העפטן. פון דעם מעטאַלברוך מאַכט מען אווטאָבוסן, טראַקטאָרס, פאַרשיידענע אַנדערע מאַשינעס.

וואָס זאַמלען די שילער?
וואָס מאַכט מען פון דער מאַקולאַטור און פון דעם מעטאַלברוך?

## די מישפּאָכע אַרבעט

באָריס קומט פון דער שול. דער טאַטע און די מאַמע זײַנען נאָך ניטאָ. זיי זײַנען אויף דער אַרבעט.

די באָבע איז אין שטוב. זי פּאָרעט זיך אין קיך. באָריס זאָגט איר:

— הײַנט האָב איך באַקומען צוויי פינפן — פאַר אַריפמעטיק און פאַר ייִדיש.

די באָבע שמייכלט.

# די שילער זאַמלען מאַקולאַטור און מעטאַלבראָך

הײַנט קומען די שילער אהיים פריִער. זיי מאַכן שנעל די לימודים און גייען ווידער אין שול.

אַלע זײַנען שוין אין שול־הויף. די פּיִאָנער־וואָזשאַטע זאָגט:

— צוויי גרופּעס זאַמלען מאַקולאַטור, דרײַ גרופּעס זאַמלען מעטאַלבראָך.

די שילער גייען איבער די גאַסן, קוקן אַרײַן אין די הויפן, קלאַפּן אָן אין דירעס. מענטשן גיבן די קינדער אַלטע צײַטונגען און ביכער,



# האַרבסט



האַרבסט. און שוין אראָפּגעפירט
פון פעלדער איז דאָס ברויט,
פון גערטענער דאָס גאָרטנוואַרג,
עס בלײַבט שוין נאָר דאָס קרויט.

אויף א גרויען שטענגעלע
הענגט א קעפּל קערלעך:
דאָס האָט א קליינינק ייִנגעלע
געלאָזט עס פאר די שפּערלעך.

אווראָם קאַצעוו

## לערנט די שפּריכווערטער:

— מאָרגן וועל איך ארבעטן, און הײַנט וועל איך זיך שפּילן, — זאָגט דער פוילער.

— מאָרגן וועל איך זיך שפּילן, און הײַנט וועל איך ארבעטן, — זאָגט דער פלײַסיקער.

לייג ניט אָפּ אויף מאָרגן, וואָס דו קענסט הײַנט באַזאָרגן.

# א שטעכיק מאנטעלע

דאָס העזעלע האָט באַגעגנט דעם שטעכלער און זאָגט צו אים:

— דײַן מאנטעלע איז ניט קײן שײנס, ברודערקע, און סע שטעכט זיך.

— עמעס,— ענטפערט דער שטעכלער,— נאָר מײַנע שטעכלקעס ראַטעווען מיך פון וועלפישע און הינטישע צײן. און דײַן שײן פעלעכל ראַטעוועט דיך אויך?

רופט זיך אָן דאָס העזעלע:

— מיך ראַטעווען מײַנע פיס, ניט דאָס פעלעכל...

(לויט ק. אושינסקי)



# דאָס קעצעלע



באַ אונדז איז דאָ אַ קעצעלע,
אַ קליינינקס — אַזאַ־אָ!
די מאַמע זאָגט, סע טויג אונדז ניט,
איך ווייס: מיר טויג עס יאָ!

אַזוי איז דאָס אַ שוואַרצינקס,
נאָר פּיסלעך — ווײַס, ווי שניי.
צוויי קליינע, קליינע וואָנצעלעך,
וואָס שטענדיק פּוצט עס זיי...

אַך, איז דאָס אַ לעבעדיקס,
איך שפּיל מיט דעם אין „האָפּ",
עס דראַפּעט מיר די הייזעלעך
און קריכט מיר אויף דעם קאָפּ.

לייב קוויטקאָ

לייענט אויסדריקלעך.
לערנט אויס אויף אויסווייניק.

# אעראָפּלאַן



איז נאָך וואָס בעעמעס
אף דער וועלט פאַראַנען,
וואָס זאָל זייַן נאָך שענערס
פון אעראָפּלאַנען?

רעדער זיך צעיאָגן,
שפּרינגט די האַרטע גומע,
אָט — עס איז דער באָדן
שוין אַוועקגעשווומען.

העכער פון די וואָלקנס —
זון נאָך העלער, העלער!
און דער רודער פאָלגט אונדז,
דרייט זיך דער פּראָפּעלער.

איבער לאַנד און לענדער,
ווי אַ דרייסטער פויגל,
וואָלט איך שטענדיק, שטענדיק
גיך ארומגעפלויגן!

מוישע כאשטשעוואצקי

יעדער זייַן היים האָט,
און יעדער — זייַן וועג.
שרעק זיך ניט, וועווערקע,
איך גיי מיר אוועק...

כאַיםביידער

לייענט אויסדריקלעך.
לערנט אויס אף אויסווייניק.



## ווּ ווינען די פֿייגל?

אין האַרבסט פֿליִען אוועק די פֿייגל אין וואַרעמע לענדער. דאָרט זייַנען ניטאָ קיין פֿרעסט.

אין פֿרילינג קערן זיך אום די פֿייגל ווידער צו אונדז. ביז דעם טיפֿן האַרבסט וועלן זיי דאָ זיך פֿילן זייער גוט.

אייניקע פֿייגל לעבן בא אונדז אויך ווינטער: די קראָ, די גאַנדז, דאָס ענטל, דער שפּערלינג, די קוראָפּאַטקע און אַנדערע.

וווּהין פֿליִען אוועק אין האַרבסט די פֿייגל?
ווען קערן זיי זיך אום צוריק?



# שרעק זיך ניט, וועווערקע!

שרעק זיך ניט, וועווערקע!
שרעק זיך ניט, פּיצלו!
איך בין ניט קיין הונט,
און איך בין ניט קיין היצעל.
איך האָב ניט קיין ביקס,
און איך האָב ניט קיין בויגן:
לאָז מיך א גלעט טאָן דיך
בלויז מיט די אויגן.
דײַנער — דער הימל,
און דײַנער — דער וואלד.
ווילסט ניט — דיך נייטן
איך וועל ניט מיט גוואלד.
שטיפן דו מעגסט זיך
אין טאנץ אין פארשײַטן —
קוקן איך וועל אף דיר
נאָר פונדערווײַטן.

# אין וואַלד

זומער גייען מיר אין וואַלד. דאָרט איז פֿריש די לופֿט. די זון באַקט, נאָר טיף אין וואַלד איז קיל. מע קאָן זיך צעלייגן אין די הויכע גראָזן און קוקן אױף די קרוינען פֿון ביימער. פֿייגל זינגען. פֿאַרשיידענע פֿליגעלעך זשומען. און אַרום וואַקסן אַזויפֿיל שיינע בלומען: רויטע, בלויע, ווײַסע, ראָזעווע. אַך, ווי זיי שמעקן פּרעכטיק! מיר קלײַבן אָן יאַגעדעס און ברענגען פֿולע קוישלעך אַהיים. די מאַמעס פּרעגלען פֿון די יאַגעדעס אײַנגעמאַכץ.

וויאַזוי איז זומער אין וואַלד?
וואָס וואַקסט אין וואַלד?
פֿון וואָס פּרעגלען די מאַמעס אײַנגעמאַכץ?



איצט געפינט זיך אף אָט דער סאָפּקע א מוזיי. בא דעם מוזיי שטייט א דענקמאָל די העלדן פון וואָלאָטשײַעווקע. דאָ קאָן מען זיך באקאנען אויך מיט דער פאנאָראמע פון דער גרויסער שלאכט.

מיט וואָס איז בארימט וואָלאָטשײַעווקע?
וואָס געפינט זיך איצט אף דער סאָפּקע יון־קאָראן?



# וואָלאָטשײַעווקע

אין די יאָרן פון בירגערקריג זײַנען אױף דער טעריטאָריע פון דער איצטיקער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט געגאַנגען הייסע שלאַכטן. די רויטע אַרמיי און פּאַרטיזאַנישע אָטריאַדן האָבן זיך געשלאָגן קעגן די ווײַסע אַרמייען. באַזונדערס שווערע שלאַכטן זײַנען געווען אין וואָלאָטשײַעווקע, אױף דער סאָפּקע יון־קאָראַן.



זײַן צעך אף דעם זאוואָד „דאלסעלמאש”. אין װוראָצלאװו האָט מען אים געשטעלט א דענקמאָל. דער זאוואָדישער יִשעוו אין ביראָבידזשאן הייסט „יאָסיף בומאגין”. דאָ שטייט אויך א דענקמאָל דעם העלד.

**וװער איז געוועז יאָסיף בומאגין?**

**מיט וואָס האָט ער זיך אויסגעצייכנט אף דעם פראָנט?**

**ווי:אזוי איז אָפּגעמערקט יאָסיף בומאגינס אָנדענק?**






# יאָסיף בומאגין

דער ארבעטער פון דעם ביראָבידזשאנער זאוואָד „דאלסעלמאש" יאָסיף בומאגין איז אוועק אפן פראָנט שלאָגן די פאשיסטן. אין איינער א שלאכט בא דער פוילישער שטאָט ווראָצלאוו האָט דער לייטענאנט בומאגין איבערגעכאזערט אלעקסאנדער מאטראָסאָווס העלדנטאט. די סאָוועטישע רעגירונג האָט אים צוגעייגנט דעם בעקאָוועדיקן טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד.

יאָסיף בומאגינס פּאָרטרעט הענגט איצט אין




# דער דענקמאָל

אף דער לענין־גאס אין דער שטאָט ביראָבידזשאן שטייט א דענקמאָל. אלע פרילינג און זומער פלאנצן דאָ די פּיאָנערן און קאָמיוגיסטן בלומען. אין דעם טאָג פון זיג קומען צו דעם דענקמאָל אלט און יונג. די אָקטיאבערלעך טראָגן פאָנעלעך, די פּיאָנערן — טרומייטן און פויקן. אונטער דעם קלאנג פון פּײַערלעכע מארשן ברענגען מענטשן צו דעם דענקמאָל בלומען־קרענץ און קווייטן. קאָמוניסטן, קאָמיוגיסטן און פּיאָנערן שטייען בא דעם דענקמאָל אין ערן־וואך.

# ניַינטער מיַי–טאָג פון זיג



דעם ניַינטן מיַי פיַיערן מיר דעם טאָג פון זיג. אין אָט דעם טאָג האָט זיך אין יאָר 1945 פאַרענדיקט די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע.

אונדזער העלדישע סאָוועטישע ארמיי האָט באזיגט די פאשיסטן.

דעם ניַינטן מיַי גיט מען אָפּ א סאליוט אין מאָסקווע און אין אלע שטעט־העלדן: אין לענינגראד און אין קיִעוו, אין מינסק און אין אָדעס, אין סעוואסטאָפּאָל און אין וואָלגאָגראד, אין טולע, נאָוואָראָסיִיסק און קערטש, אין דער ברעסטער פעסטונג. א סאליוט לעקאָוועד דעם גרויסן זיג.

דאָס סאָוועטישע פאָלק און די ארבעטנדיקע פון אלע לענדער קעמפן פאר שאָלעם.

**וועז פיַיערט מען דעם טאָג פון זיג?**



שטאָט הערט זיך מוזיק. מענטשן זײַנען אָנגעטאָן אין די שענסטע קליידער. מע זינגט און מע טאַנצט. אױף אַלע גאַסן און פּלעצער הענגען רויטע פאָנעןאון טראַנספּאַראַנטן.

אונדזער קאָלאָנע איז זייער אַ שיינע. וואָווע טראָגט די פאָן פֿון דער שול. מישע פּײַקלט אין זײַן פּײַקל. בײַ אַלע קינדער אין די הענט — בלומען.



## ערשטער מײַ

דער ערשטער מײַ איז א יאָמטעוו בא אלע ארבעטנדיקע פון דער גאנצער וועלט. אלע פעלקער אף דער ערד דעמאָנסטרירן זייער קויעך, זייער ווילן צו קעמפן פאר שאָלעם און פרײַהײַט.

דעם ערשטן מײַ גייען מיר אף דער יאָמטעוודיקער דעמאָנסטראציע. פון אלע עקן



ביידע זײַנען זיי געווען לעבהאפטע און פריילעכע.

צו נײַן יאָר איז וואָלאָדיע אוועק זיך לערנען.

לייענען האָט אים אויסגעלערנט זײַן מאמע, ווען ער איז נאָך אלט געווען 5 יאָר. וואָלאָדיע האָט ליב געהאט א סאך צו לייענען. אין דער גימנאזיע איז ער געווען דער בעסטער שילער.

אלע קינדער האָבן אים ליב געהאט. ער איז געווען א גוטער כאווער.

דער טײַערער נאָמען —
ער פלאקערט און פירט אונדז אין קריג
און פירט אונדז צום זיכערן זיג.

בא װעמען סע װאכט דאָס הארץ
און אויגן ברענען, —
דער װײסט פון דעם נאָמען,
דער װײסט אים, דער קען אים,
דער װײסט,
אז דער נאָמען דער שענסטער איז — לענין!

ל ײ ב  ק װ י ט ק א

## פון װ. אי. לענינס קינדער־יאָרן

װלאדימיר איליטש לענין (אוליאנאָװ) איז געבוירן געװאָרן דעם 22 אפּרעל 1870 אין דער שטאָט סימבירסק, בא דעם טײַך װאָלגע.

איצט הײסט די דאָזיקע שטאָט אוליאנאָװסק.

אף דעם בילד זעט איר א הילצערן הויז. דאָ האָט געלעבט די גרויסע און פרײַנטלעכע מישפּאָכע אוליאנאָװס. איצט איז אין אָט דעם הויז א לענין־מוזײ.

דער קלײנער װאָלאָדיע האָט ליב געהאט זיך שפּילן מיט זײַן ייִנגערער שװעסטער אָליע.

# דער גרויסער פירער

וולאדימיר איליטש לענין איז אונדזער פירער, אונדזער לערער, אונדזער בעסטער פרײַנט. לענינען ווייסט די גאנצע וועלט. מיר לעבן און ארבעטן אזוי, ווי עס האָט אונדז געלערנט וולאדימיר איליטש לענין.

וולאדימיר איליטש לענין האָט געזאָגט:

— לערנען, לערנען און לערנען!

מיר פילן אויס לענינס געבאָט.

מיר לערנען זיך גוט, ווי לענין האָט פארזאָגט.

# דער שענסטער נאָמען

העכער פון בערג
און העלער
פון לויטערע שטראָמען —
דער טײַערער נאָמען.

כעוורע, זיי האָבן ליב די שול, גיבן אָפּ קאָוועד די עלטערע.

אָקטיאַבערלעך האָבן ליב זיך מיִען.

אָקטיאַבערלעך זײַנען אופּריכטיקע און געוואגטע, דרייסטע און טעטיקע.

אָקטיאַבערלעך זײַנען כאוועךישע קינדער, לייענען און מאָלן, שפּילן זיך און זינגען, לעבן פריילעך.

**לערנט אויס די קלאָלים פון די אָקטיאַבערלעך.**



אָקטיאַבערלעך, אָקטיאַבערלעך
פון גרויסן לענין־לאַנד,
מיט יונגע פּיאָנערן איצט
מיר גייען האַנט בײַ האַנט.

מיר ווייסן שוין, אַז די אָקטיאַבערלעך האָבן פינף קלאַלים:

אָקטיאַבערלעך — דאָס זײַנען קינפטיקע פּיאָנערן.

אָקטיאַבערלעך — דאָס זײַנען פלײַסיקע





## זאָל שטענדיק זײַן...

לאָמיר זינגען, לאָמיר זינגען,
טאַנצן, פרייען זיך און לאַכן,
זאָל די ליד אַף ייִדיש קלינגען,
ווי זי קלינגט אַף אַלע שפּראַכן:

— זאָל שטענדיק זײַן די זון!
— זאָל שטענדיק זײַן דער הימל!
— זאָל שטענדיק זײַן די מאַמע!
— זאָל שטענדיק זײַן איך!

## דאָס שטערנדל

מאַזלטאָוו! איר קאָנט אונדז שוין באַגריסן: מע האָט אונדז אָנגענומען אין אָקטיאַבערלעך. יעדער אָקטיאַבערל האָט באַקומען אַ שטערנדל. פינף עקן האָט דאָס שטערנדל, און אינמיטן — לענינס בילד. פון הײַנט אָן זײַנען מיר איליטשס אייניקלעך. מיר האָבן אַפילע אַ לידל צוגעטראַכט:

# זיבן טינטערלעך



וואָלט א פויגל דורכגעפּלויגן,
שיק איך אים צום רעגנבויגן:
פויגל, פויגל, ברענג געשווינד
זיבן טינטערלעך מיט טינט.

וועל איך שרײַבן אף פּאַפּיר
יעדעס וואָרט מיט זײַן קאָליר:
טײַך — מיט בלויען,
זאמד — מיט געלן,
גראָז — מיט גרינעם,
טאָג — מיט העלן.

נאָר דאָס בריוועלע דער מאמען —
פון אלע טינטערלעך צוזאמען.

שיקע דריז



# א טעלעפֿאָן־געשפּרעך



א ל י ק. מאמע, איך בין שוין געקומען פֿון דער שול, אָפּגעגעסן, און איצטער גרייט איך די לימודים אַף מאָרגן.

ד י  מ א מ ע. זייער פֿײַן, אליק. און בא סוועטען אין די יאסליעס ביסטו געווען?

א ל י ק. יאָ, מאמע, נאָר זי איז געשלאָפֿן. איך האָב נאָר א קוק געטאָן און בין אוועקגעגאנגען.

ד י  מ א מ ע. און וואָס קלערסטו ווײַטער טאָן?



א ל י ק. איך וויל צופֿאָרן צו דעם פֿעטער באָריס און צו דער מומע אירע אַף זייער נײַער דירע. מאָרגן איז דער אכטער מארט, וויל איך באגריסן אניען און אָליען. דו דערלויבסט, מאמע?

ד י  מ א מ ע. זײַ פֿאָרזיכטיק באם איבערגיין דעם וועג.

א ל י ק. א דאנק, מאמע!




# דער מאמעס יאָמטעוו

צו דעם אכטן מארט גרייטן אלע קינדער מאטאָנעס פאר די מאמעס, פאר די באָבעס און פאר די שוועסטער. וואָווע שענקט דער מאמען א שיין בילד — ער האָט דאָס אליין געמאָלט. מאשע באווייַזט איר א נייַע ליאלקע. דאָס האָט איר אין דעם קינדערגאָרטן געשענקט איר כאווער סאשע. דערנאָך קומט פון דער ארבעט דער טאטע. ער שענקט דער מאמען און דער באָבען לעבעדיקע בלומען.

וואָס פאר א מאטאָנעס שענקט איר דער מאמען און דער באָבען צו דעם אכטן מארט?



— נאַ, קוציק! נאַ, מורקע.
ניט דריי מיט דעם קעפּל!

ביטער דעם טאַטן,
און ביטער דער מאַמען,
דער באָבען, דעם זיידן
און אַלע צוזאַמען.

די מאָרדעלעך וואַשן
דער הונט און די קאַץ,
נאָר יאַנקעלע וויל ניט —
כאָטש לייג זיך און פּלאַץ!

כאַים ביידער

לייענט אויסדריקלעך, לערנט אויס אויף אויסווייניק.

זעצט איבער אויף רוסיש:

מע קאָן זיך ניט סאַמען.
עס העלפט ניט קיין בעטן,
עס העלפט ניט קיין ריידן.
כאָטש לייג זיך און פּלאַץ.

# א רעפוע



א לעפל — דעם טאטן,
א לעפל — דער מאמען.
— אָט זעסט? עס איז גאָרניט —
מע קאָן זיך ניט סאמען!

— יאנקעלע, זײַ ניט קיין אקשן! —
מע בעט אים.
— יאנקעלע, נעם כאָטש א קאפל! —
מע גלעט אים.

עס העלפט ניט קיין בעטן,
עס העלפט ניט קיין ריידן.
א לעפל — דער באָבען,
א לעפל — דעם זיידן.

א לעפל — דעם הינטל,
א לעפל — דעם קעצל...



זאָגט די לערערן:

— דאָס איז ניט גוט, מירע. וואָס זשע טוט מען?

דאָ הייבט זיך אוף פון אָרט וואַליע.

— איך האָב נאָך צוויי העפטן, — זאָגט זי. — נא, מירע, נעם.

— א דאנק, וואַליע, — זאָגט מירע.

איצט שרײַבן שוין אלע קינדער.

ווּ זיצן וואַליע און מירע?

פארוואָס שרײַבט ניט מירע?

ווער גיט מירען איר העפט?

וואָס זאָגט מירע וואַליען?

**שטעלט אַרײַן די דורכגעלאָזטע ווערטער:**

בין, ביסט, איז, זײַנען, זײַנט

| | |
|---|---|
| איך ... א פּיִאָנער | מיר ... פּיִאָנערן |
| דו ... א פּיִאָנערקע | איר ... פּיִאָנערקעס |
| ער ... מײַן כאַווער | זיי ... מײַנע כאַווײרים |
| דו ... א שילערן | זיי ... שילערנס |
| דאָס ... מירע | דאָס ... איר |
| דאָס ... מארע און מישע | דאָס ... אָקטיאבערלעך |

# א דאַנק, וואַליע!

וואליע און מירע זיצן אף איין פּארטע.
די לערערן זאָגט:
— קינדער, נעמט די העפטן. מיר שרײַבן א דיקטאנט.
אלע קינדער נעמען זייערע העפטן און שרײַבן די דאטע. אָבער מירע שרײַבט ניט. די לערערן פרעגט:
— מירע, ווו איז דײַן העפט?
—פארגעסן אינדערהיים, — ענטפערט מירע.

# אויב איר ווילט...



אויב איר ווילט,
אויב איר ווילט,
מאָל איך אָן פּאַר איַיך א בילד:
אף דעם פענצטער — קווייטן,
אין דעם גאָרטן — בייטן,
און א פעלד,
און א וואלד,
און א וועג א ברייטן.
אויב איר ווילט,
אויב איר ווילט,
קאָן איך אָנמאָלן א בילד:
אָט א הויז
מאָל איך אויס,
הויך עס איז מיַין הויז און גרויס,
אָט — א סאָד א גרינער,
אָט — א קאַץ,
אָט — א מויז,
אָט — א האָן מיט הינער.
וואָס איר ווילט,
וואָס איר ווילט,
קאָן איך מאָלן אף מיַין בילד!

# מיר בויען

יעדער נעמט זיך, וואָס ער וויל,
יעדער קלײַבט זיך אויס א שפּיל.
סימע בויט זיך אויס א שיף,
פימע — א לאָקאָמאָטיוו.
גרישע, וויטיע און אבראם
בויען אויס א גאנצע ב א ם.





אופגעהויבן אין הימל אעראָפּלאַנען מיט רויטע שטערנס. אונדזערע מיליטערישע שיפן שטייען אף דער וואך פון אונדזערע יאמען. די טאנקיסטן זײַנען פון גאנצפרי בא זייערע מאשינעס.

דעם 23 פעווראל איז דער יאָמטעוו פון דער סאָוועטישער ארמיי און פון דעם מיליטערישן יאם-פלאָט.

(לויט ל. קאסיל)

פון וועמען היט די סאָוועטישע ארמיי אונדזער היימלאנד? ווער היט אונדז אף דער ערד? אף דעם יאם? אין דער לופט? ווען איז דער יאָמטעוו פון דער סאָוועטישער ארמיי?



# די סאָוועטישע ארמיי

א סאך פרײַנט האָט אונדזער היימלאנד אין פארשיידענע לענדער. אָבער עס האָט אויך בייזע סאָנים — די, וועלכע זײַנען געוווינט צו ראבעווען פרעמדע רײַכטימער. זיי האָבן פײַנט אונדזער פרידלעך, האָרעפאשנע לאנד. אָבער פעסט שטייט אף דער וואך פון אונדזער היימלאנד די סאָוועטישע ארמיי.

דו ביסט געשמאק געשלאָפן באנאכט, אָבער די גרענעצלער האָבן א גאנצע נאכט זיך צוגעהערט, צי קיינער וויל ניט גאנווענען די גרענעץ מיט א בייזן מיין. גאנצפרי, ווען די פייגל זײַנען נאָך געשלאָפן, האָבן זיך

# צוויטשי, צוויטשי



צוויטשי, צוויטשי, צוויטשערײַ —
פרילינג קומט שוין אפדאָסנײַ!
פייגל גרויסע, פייגל קליינע,
אלע פריילעכע און שיינע,
קומען מיט א צוויטשערײַ
מיט דעם פרילינג אפדאָסנײַ.
מיט דעם פרילינג אפדאָסנײַ.
— פונוואנען קומט איר, כעוורעלײַט?
— צוויטשי, צוויטשי, פונדערווײַט —
פון די פעלדער, פון די וועלדער,
פון דיווארעמע דאָרעם־לענדער.
צוויטשי, צוויטשי, פונדערווײַט
צו אײַך, קינדער, כעוורעלײַט!

י.־ל. פערעץ

לערנט אויס אף אויסווייניק דאָס לידעלע.

היט אָפּ די פייגל — זיי זײַנען אונדזערע פרײַנט.
היט אָפּ די ביימער, ברעכט ניט זייערע צווײַגן.
זײַ פון קינדווײַז אָן א גוטער באלעבאָס —
היט אָפּ די נאטור,
זי איז אונדזער אלעמענס רײַכטום.

# פרילינג



נאָך דעםווינטער קומט דער פרילינג. אין פרילינג איז די זון א ווארעמע, א העלע. דאָס גראָז גרינט, ביימער טוען זיך אָן אין בלעטער, די בלומען הייבן אָן צו בליִען. פון די ווארעמע לענדער קערן זיך אום די פייגל. זיי בויען נעסטן. די קינדער גרייטן אויך שטיבעלעך פאר די פייגל.

וואָס קלאפּן די קינדער
און זעגן און האקן?
מע גרייט פאר די געסט —
פאר די שטארן — די שלאקן.
די זון, זי שײַנט,
סע קומען די פרײַנט —
צעפיקן,
צעפליקן
אין סעדער די פײַנט!

לייב קוויטקאָ

ביבליאָטעק פאר קינדער איז פאראַן. די עלטערע לייענער נעמען ביכער אין דער געגנטלעכער ביבליאָטעק אף שאָלעם־אלייכעמס נאָמען.

וואָס האָבן מיר ליב צו לייענען?
ווו נעמען די לייענער ביכער?

## וואָס טוט מארינע אינדערהיים

מארינע קומט פון דער שול אהיים. איר מאמע איז נאָך ניטאָ. די מאמע ארבעט אף א פאבריק. מארינע ווייסט: אויך אינדערהיים האָט די מאמע א סאך ארבעט. און מארינע העלפט דער מאמען. זי ראמט דעם צימער, גייט אין מאגאזין און קויפט אײַן פראָדוקטן. די מאמע זאָגט וועגן מארינען:

— א גוטע טאָכטער וואקסט בא מיר!

וואָס טוט מארינע אינדערהיים?
וואָס זאָגט איר מאמע?
וויאזוי העלפט איר דער מאמען אינדערהיים?

# אין ביבליאָטעק

מיר האָבן ליב צו לייענען ביכער. א גוטער בוך איז ווי א גוטער פריַינט. פריִער פלעגן אונדז ביכלעך לייענען די מאמעס און די טאַטעס, די זיידעס און די באָבעס. איצט קענען מיר שוין אליין לייענען. אין אונדזער שול איז פאראן א ביבליאָטעק. אויך א שטאָטישע



— גוט, — זאָגט די באָבע. זי גייט ארויס אַף דעם באלקאָן און נעמט אראָפּ אלע קלעמערלעך.

פארנאכט קומט פון דער ארבעט די מאמע. וואָווע לויפט מיט גרויס פרייד איר אנטקעגן:

— געראטעוועט די פייגעלעך! געראטעוועט די פייגעלעך!..

(לויט ב. מילער)

וואָס האָט וואָווע דערזען אין פענצטער?
וואָס בעט ער בא דער באָבען?
וואָס טוט די באָבע?
וואָס זאָגט וואָווע דער מאמען?

## פארגעדענקט די פאָלקס־ווערטלעך:

קיינמאָל לייג ניט אָפּ אַף מאָרגן,
וואָס דו קאָנסט נאָך היינט באזאָרגן.

אלץ איז גוט צו דער צייט.

וווּהין די נאָדל — אהין דער פאָדעם.

א ביסל און א ביסל — ווערט א פולע שיסל.

# פייגעלעך

דער קליינער וואָווע שטייט אף א טאבורעט און קוקט אין פענצטער. פלוצעם שפּרינגט ער אראָפּ און לאָזט זיך צו דער באָבען מיט א געוויין:

— באָבע, די פייגעלעך!

— ווו זעסטו פייגעלעך? — פרעגט די באָבע.

וואָווע פירט צו די באָבע צו דעם פענצטער:

— דו זעסט? אָט דאָרט זיצן פייגעלעך. זיי איז קאלט, זיי פרירן!

די באָבע קוקט אין פענצטער און צעלאכט זיך. דאָס זײַנען ניט קיין פייגעלעך. אף דעם באלקאָן אף א שטריק הענגט גרעט, און די הילצערנע קלעמערלעך זײַנען ענלעך אף שוועלבעלעך.

— באָבע, נעם זיי גיכער ארײַן אין שטוב, — בעט וואָווע.



זאָגט נינע:

— ווי זשע זאָל איך ניט וויינען, אז איך האָב געמאַכט פון שניי א ליאַלקע, זי אַוועקגעלייגט אין בעט, און איצטער איז זי ניטאָ?

— וויין ניט, נינע, — האָט געענטפערט די מאַמע און איר דערקלערט, וואָס עס איז געשען מיט דער שניי־ליאַלקע.

וואָס האָט די קליינע נינע געמאַכט פון שניי?
ווּהין האָט זי אַוועקגעלייגט די ליאַלקע?
וואָס איז געשען מיט דער שניי־ליאַלקע?





# די שניי=ליאלקע

די קליינע נינע איז ארויס אין גאס. זי האָט געמאכט א ליאלקע פון שניי און געבראכט די ליאלקע אהיים. נינע האָט אוועקגעלייגט די ליאלקע אין בעט און איז ווידער אוועק אין דרויסן. נאָכדעם איז זי געקומען אהיים — די ליאלקע איז ניטאָ, נאָר אין בעט איז נאס.

— ווּ זשע איז מײַן ליאלקע? — האָט נינע זיך צעוויינט.

דאָ איז געקומען די מאמע:

— וואָס וויינסטו, נינע?

## שרײַבט איבער און דערשרײַבט, וואָס מע דארף:

מײַן פאמיליע איז .....
מײַן נאָמען איז ........
איך בין אלט ...... יאָר
איך וווין אין שטאָט (דאָרף) ......
איך וווין אף ..... גאס
די שול געפינט זיך אף ..... גאס

## רעטענישן:

שיט און שיט, מאכט ניט נאס
און מיט זילבער פוצט די גאס.

איך קום פון ווײַט — ווײַס,
ווי קרײַד, קלאָר און ווײַס,
קאלט, ווי אײַז.



(שניי)

א לאטע אף א לאטע,
און קיין נאָט איז ניטאָ.



(קרויט)

# א גוטע נאַכט

אָנגעשפּילט זיך, אָנגעלאָפן,
דאַרף א קינד זיך לייגן שלאָפן.
יעדעס בלעטעלע דאָס מינדסטע
וואַשט און צוואָגט זיך
אינדערפינצטער.
טאָר קיין ווינטעלע ניט ווינטלען,
טאָר קיין פינטעלע ניט פינטלען.
קיינער, קיינער טאָר ניט שטערן
אונדזער וועלט נאָך שענער ווערן.
אָנגעשפּילט זיך, אָנגעלאַכט,
שלאָף געזונט, א גוטע נאַכט!

שיקע דריז





# די דעזשורנע

הײַנט זײַנען מאריק און ליזע דעזשורנע אין קלאס. זיי קומען פרי אין שול. מאריק עפנט אין קלאס די פענצטער. ליזע באגיסט די בלומען. זי ווישט אָפּ ריין דעם טאָוול. מאריק ברענגט דאָס קרײַדל. און אָט קלינגט דאָס גלעקל. די שילער פארנעמען זייערע ערטער. עס קומט די לערערן.

ווער זײַנען הײַנט
די דעזשורנע אין קלאס?
וואָס טוען מאריק און ליזע?
ווען הייבט זיך אָן דער לימעד?

**א רעטעניש:**

ניט קיין קלייד — און גענייט,
ניט קיין בוים — און פול מיט בלעטער.

(א בוך)



די קינדער שפילן זיך צוזאמען. דערנאָך גיט מען א קאָנצערט. ווערע און וואָווע זינגען א ליד, אליק און סוועטלאנע דעקלאמירן, אירע און באָריס טאנצן. אלעמען איז פריילעך, אלע זײַנען לוסטיק. וואָווע וועט אף לאנג פארגעדענקען אָט דעם יאָמטעוו. ער איז צופרידן. ער האָט גוטע כאוויירים.

וואָס פאר א יאָמטעוו איז בא וואָוען?
וואָס פאר א מאטאָנעס האָט מען אים געבראכט?
וויאזוי האָבן די קינדער זיך געפרייט אף וואָוועס יאָמטעוו?

שרײַבט אַראָפּ. אָנשטאָט די פּינטעלעך שטעלט אַרײַן די ווערטער „ער" אָדער „זי":

דײַן טאַטע איז אַ לערער. ... לערנט די קינדער.
דײַן זיידע איז אַ קאָלווירטניק. ... אַרבעט גוט.
מײַן באָבע איז אַ מעלקערן. ... אַרבעט אויף דער פֿערמע.
מײַן ברודער איז אַ דאָקטער. ... אַרבעט אין דער פּאָליקליניק.
מײַן שוואָגער איז אַ מעכאַניזאַטאָר. ... אַרבעט אויף אַ טראַקטאָר.

## וואָוועס געבורטסטאָג

באַ וואָוועס איז הײַנט דער געבורטסטאָג. צו אים זײַנען געקומען זײַנע כאַווערים. זיי האָבן אים געבראַכט פֿאַרשיידענע מאַטאָנעס, וואָס זיי האָבן אַליין געמאַכט. ווערע האָט אים געשענקט אַ בוקעט בלומען, וואָס זי האָט צונויפֿגעקליבן אין פֿעלד. אירע און באָריס האָבן אים אונטערגעטראָגן אַן אַלבאָם מיט זייערע געמעלן.

## זי



די באָבע



די קאָלווירטניצע



די מעלקערן

## ער



דער זיידע



דער דאָקטער



דער קאָלווירטניק

## זעצט איבער אף רוסיש:

בייס די ווינטער־קאניקולן גייען די שילער אין קינאָ און אין טעאַטער. א סאך קינדער קומען אין שטאָטישן פארק פאר קולטור און אָפּרו, אין וואלד און צו דעם טײַך. די בירע איז פארפרוירן, און מע פאָרט איבער דעם אײַז אף גליטשערס. מײַן כאווער מישע זאָגט: „בייס די ווינטער־קאניקולן גיי איך מיט מײַן טאטן אין טײַגע אף יאגד. מיר פאָרן אף ליזשעס".



# אַלע שילער לערנען גוט

די שילער פון אונדזער קלאַס לערנען זיך פלײַסיק. זיי לייענען אַ סך און קענען שוין נישקאָשע ריידן אויף ייִדיש. אַלע רעכענען ריכטיק, שרײַבן און מאָלן שיין, העלפן איינער דעם אַנדערן.

אַלע אונדזערע שילער זײַנען אָקטיאַבערלעך. זיי פירן זיך אויף גוט סײַ אין שול, סײַ אין גאַס. מיט די עלטערן זײַנען זיי העפלעך. אין דער פרײַער צײַט שפּילן זיך די יונגע אָקטיאַבערלעך מיט די קינדער פון זייער הויף. די מאַמעס און די טאַטעס, די זיידעס און די באָבעס זײַנען צופרידן מיט זייערע קינדער און אייניקלעך.

ווי אַזוי לערנען זיך די שילער?
וואָס קענען זיי שוין?
ווי אַזוי פירן זיך אויף
די אָקטיאַבערלעך אינדערהיים?
מיט וועמען שפּילן זיי זיך?

# נײַ־יאָר



צו דעם נײַעם יאָר ברענגט דער טאטע פון דעם וואלד א שיינע יאָלקע. די קינדער פרייען זיך. זיי באפוצן די יאָלקע מיט זילבערנע שנייעלעך און מיט שפילעכלעך. זינע הענגט אוף אף די צווײַגן לאמטערנדלעך, מאריק הענגט אוף אף דעם סאמע שפּיץ א שטערן.

אין אָוונט קומען קינדער פון די שכײנישע דירעס. מע נעמט זיך פאר די הענט, מע טאנצט און מע זינגט ארום דער יאָלקע:

אונדזער יאָלקע שײַנט מיט פײַער,
באלד איז נײַ־יאָר,
באלד איז נײַ־יאָר!
קום וואָס גיכער שוין צו גיין,
זאָל זיך פרייען גרויס און קליין,
קום צו אונדז אין קרײַז ארײַן —
יאָמטעוו זאָל בא יעדן זײַן!

## ווינטער

שניי, שניי!
אף די פעלדער
שיט און גיי!
דעק זיי צו,
דעק זיי אײַן,
אז עס זאָל זיי
ווארעם זײַן.
לאָז דעם פראָסט
ניט צו צו זיי,
לאָז ניט פרירן
דעם פארזיי!

לייענט אויסדריקלעך
לערנט אויס אף
אויסווייניק.





פאַר דעם אייניקל, דאָס אייניקל פאַר דער באָבען, די באָבע פאַר דעם זיידן; מע שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר אַרויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט א רוף געטאָן מורקע דאָס מײַזעלע מיזעלע. דאָס מײַזעלע פאַר דעם קעצעלע, דאָס קעצעלע פאַר דעם הינטעלע, דאָס הינטעלע פאַר דעם אייניקל, דאָס אייניקל פאַר דער באָבען, די באָבע פאַר דעם זיידן, דער זיידע פאַר דעם רעטעכל: מע שלעפּט און מע שלעפּט — אַרויסגעשלעפּט דאָס רעטעכל!





שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר אַרויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט אַ רוף געטאָן דאָס אייניקל דאָס הינטעלע זשוטשקע. זשוטשקע פאַר דעם אייניקל, דאָס אייניקל פאַר דער באָבען, די באָבע פאַר דעם זיידן, דער זיידע פאַר דעם רעטעכל: מע שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר אַרויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט אַ רוף געטאָן זשוטשקע דאָס קעצעלע מורקע. דאָס קעצעלע פאַר זשוטשקען, זשוטשקע



# דאָס רעטעכל

האָט פאַרזעצט דער זיידע א רעטעכל. איז אויסגעוואַקסן דאָס רעטעכל גרויס, זייער גרויס. האָט גענומען דער זיידע דאָס רעטעכל פון דער ערד צו שלעפּן: ער שלעפּט און שלעפּט, נאָר אַרויסשלעפּן קען ער ניט.

האָט א רוף געטאָן דער זיידע צוהילף די באָבע. האָט זיך אָנגעכאַפּט די באָבע פאַרן זיידן, דער זיידע פאַר דעם רעטעכל: מע שלעפּט און מע שלעפּט, נאָר אַרויסשלעפּן קען מען ניט.

האָט א רוף געטאָן די באָבע דאָס אייניקל. דאָס אייניקל פאַר דער באָבען, די באָבע פאַר דעם זיידן, דער זיידע פאַר דעם רעטעכל: מע



# א קלוגער דאָקטער



לעמעלע קומט צום דאָקטער און זאָגט:

— ליבער דאָקטער, עס טוט מיר ווייַ דער בויך, הייל מיך אויס.

פרעגט דער דאָקטער:

— וואָס האָסטו נעכטן געגעסן?

— גרינע עפּעלעך, — ענטפערט לעמעלע.

— אויב אַזוי, שרייַב איך דיר אויס א רעפּוע פאַר די אויגן.

— פאַרוואָס עפּעס פאַר די אויגן? — כידעשט זיך לעמעלע.

— קעדיי דו זאָלסט א צווייט מאָל בעסער זען, וואָס דו עסט.



רינגעלע, רינגעלע, רויגעז,
מיר זייַנען געווען ברויגעז,
רינגעלע, רינגעלע, ריק —
מיר זייַנען כאַווער צוריק!..



# דער סאַנקאָם

אָט־אָ גייט שוין דער סאַנקאָם,
דער סאַנקאָם — בוני ראָם.
זעצט זיך אויס באַלד גיכער,
פֿלינקער, קומט אַהער,
באַווײַזט די פֿינגער.
מינקע — ריין,
ראַפֿע — ריין,
סאַנקע—טאַנקע —
ווידער ניין!
קינדער, הערט זשע:
אַף מײַן וואָרט —
די בלאָטע שטעקט אין זעלבן אָרט!
וואָס זשע, סאַנקע, קום אַהער:
ווילסט נאָך זײַן אַ פּיאָנער?..

לייב קוויטקאָ

## א רעטעניש:



איבער באַרג און איבער טאָל
גייט אַ פּעלצעלע פֿון וואָל.
(א שעפּס)

# מיט יוישער

די מאמע גיט כאַימען א קיכל און זאָגט:

— נעם, כאַים, דאָס איז פאר דיר מיט עטעלען. צעטייל זיך מיט איר, אָבער מיט יוישער.

— מאמע, וואָס הייסט יוישער?

— צעשנײַד, כאַימל, אף דער העלפט, און טאָמער וועט איין שטיקל זײַן א גרעסערס, גיב עס עטעלען.

טראכט כאַים און טראכט און זאָגט צו דער שוועסטער:

— נא, עטעלע, צעטייל דו דאָס קיכל, נאָר מיט יוישער.





דעם וועג. ענדלעך כאַפּט סלאַוויק מירען. איצט גייען אַרויס וואָווע און ווערע. ווערע איז דאָס מייַזל, וואָווע איז די קאַץ. די פריילעכע שפּיל גייט ווייַטער.

## א רעטעניש:



ווער האָט א קאַם און קען מיט אים ניט קעמען?

(א האָן)



## מיאו

קומט דאָס קעצעלע דאָס ראַבע:
— מיאו!
— וואָס ווייניסטו, מורקע? —
פרעגט די באָבע.
— איך האָב אַף זשוטשקען אַ
פּאַרדראָס.
— אַף זשוטשקען, קעצעלע,
פאַרוואָס?
— ער לעקט די סמעטענע אין
קיך
און זאָגט דערנאָך, אַז דאָס איז
איך...

## די קינדער שפּילן

אין הויף שפּילן קינדער אין קאַץ־און־מויז.
אַלע שטעלן זיך אין אַ קרײַז, נעמען זיך פאַר די הענט. די קינדער שרײַען: „מײַזעלע, מײַזעלע, שלאָף ניט, אַנטלויף!" און צו דער קאַץ שרײַען זיי: „קאַץ, כאַפּ דאָס מײַזל!"
מירע לויפט. סלאַוויק יאָגט זיך נאָך איר. ער וויל זי כאַפּן, נאָר די קינדער פאַרשטעלן אים

# קינדערישע ברילן

בעניע בעט בא דעם זיידן:
— זיידע, קויף מיר ברילן.
— צוליב וואָס דאַרפסטו ברילן? — פרעגט דער זיידע.
— איך וויל אויך לייענען ביכער, אַזוי ווי דו.
— גוט, — האָט געענטפערט דער זיידע. — איך וועל דיר קויפן ברילן, נאָר קינדערישע.
און ער האָט געקויפט בעניען אַ ביכל.

(לויט ק. אושינסקי)



# א ציילעניש



איינס, צוויי, דרײַ, פיר —
יונגע אָקטיאַבערלעך זײַנען מיר.
פינף, זעקס, זיבן, אכט —
די לימודים שוין געמאכט.
נײַן, צען און אויס —
דו גייסט ארויס!



איינס, צוויי, דרײַ,
אלט איז ניט נײַ,
נײַ איז ניט אלט,
הייס איז ניט קאלט,
קאלט איז ניט הייס,
קליין איז ניט גרויס,
גרויס איז ניט קליין,
קויטיק איז ניט ריין,
דו ביסט ריין,
ער איז ריין,
אויב דו ווילסט —
קאָנסטו גיין!




בא אונדז איז פרימאָרגן

בא אונדז איז באַטאָג

און בא אונדז איז אָוונט

## א וואָך מיט ארבעט

## (א שפּאַס)

איך בין געזעסן זונטיק און געטראַכט מאָנטיק צו פאָרן דינסטיק, האָב איך זיך באַרעכנט מיטוואָך, אז ווי קאָן איך פאָרן דאָנערשטיק, ווײַל פרײַטיק איז שוין באַלד שאַבעס און דערנאָך וועט ווידער זײַן זונטיק?



ווען אין מאָסקווע איז 2 אזייגער באנאכט,



איז אין ביראָבידזשאַן 9 אזייגער אינדערפרי,



און אף קאמטשאטקע — 12 אזייגער באטאָג.

# די צײַט




א יאָר האָט 12 כאַדאָשים:
יאַנוואַר — איז איינס,
פעברואַל — איז צוויי,
און מאַרט — איז דרײַ.
נאָכדעם גייט אַפּרעל און מײַ.
יוני — איז זעקס,
יולי — איז זיבן.
וויפל זײַנען נאָך געבליבן?
אויגוסט — אַכט,
סעפּטעמבער — נײַן.
דרײַ כאַדאָשים דאַרף נאָך זײַן.
צען — אָקטיאַבער,
עלף — נאָיאַבער,
צוועלף — דעקאַבער.
נאָכדעם?.. ווידער קומט יאַנוואַר,
הענגט מען אויף א נײַעם
קאַלענדאַר.

א וואָך האָט
7 טעג:
מאָנטיק,
דינסטיק,
מיטוואָך,
דאָנערשטיק,
פרײַטיק,
שאַבעס,
זונטיק.

א מעסלעס האָט 24 שאָ. א שאָ האָט 60 מינוט. א מינוט האָט 60 סעקונדעס.




טאָפּ, טאָפּ, טאָפּ!
ווי די גענדזעלעך —
גאַ—גאַ—גאַ!
ווי די קראָעלעך
— קראַ—קראַ—קראַ!
— זײַט געזונט!
— פיזקולט! — הוראַ!

## די זון און די לעוואָנע

(אַ שפּאַס)




— וואָס ברענגט מער נוצן, — האָט געפרעגט דער לערער, — די זון צי די לעוואָנע?

— פאַרשטייט זיך, די לעוואָנע, — האָט געענטפערט כאַים.

— פאַרוואָס?

— ווײַל די לעוואָנע שײַנט באַנאַכט, ווען עס איז פינצטער, אָבער ווער דאַרף האָבן די שײַן פון דער זון, ווען באַטאָג איז סײַווי־סײַ ליכטיק?





# גימנאסטיק

ביכער, העפטן — אלץ פֿאַרמאַכן:
לאָמיר איצט גימנאַסטיק מאַכן.
איינס, צוויי, איינס און צוויי,
שטעלן מיר זיך אין א ריי.
— הענט אַרויף! הענט אַראָפּ!
הענט אויף אַקסל, הענט אויף קאָפּ!
הענט צוריק, און הענט פֿאָרויס!
אָטעם איַין, אָטעם אויס!
טו א דריי זיך שנעל און פֿלינק
באַלד אויף רעכטס,
און באַלד אויף לינקס.
אָט די ברעמען, אָט די אויגן,
אָט די קני און עלנבויגן.
דאָ — דאָס מויל, דאָ — די נאָז.
ביידע באַקן ווערן ראָז.
דאָ — די ליפּן, דאָ — די צונג,
טו א הייב זיך, טו א שפּרונג.
מיט די הענטלעך —
קלאַפּ, קלאַפּ, קלאַפּ.
מיט די פֿיסלעך —

# ביידע זײַנען גערעכט

בערל האָט געזאָגט:

— צו פֿרילינג ווערן די נעכט קירצער.

— פֿאַרקערט, — האָט געענטפֿערט מאשע, — צו פֿרילינג ווערן די טעג לענגער.

— ניין, די נעכט קירצער! — שרײַט בערל.

— ניין, די טעג לענגער! — שרײַט מאשע.

צעלאַכט זיך די מאַמע:

— וואָס קריגט איר זיך? איר זײַנט ביידע גערעכט!

האָבן בערל און מאשע א טראַכט געטאָן און זיך אויך צעלאַכט.

וואָס האָט געזאָגט בערל?
וואָס האָט געזאָגט מאשע?
פֿאַרוואָס האָט די מאַמע זיך צעלאַכט?

א רעטעניש:

געווען 12 ברידער: 3 האָבן די ערד געפּוצט, 3 האָבן געוואַרעמט, 3 האָבן רעגנס געגאָסן, 3 האָבן שנייען געשאָטן.

(פֿרילינג, זומער, האַרבסט, ווינטער)

# א ריטשקעלע

מורמלט זיך א ריטשקעלע:
— מור, מור.
ווארפט מען דעם א שטיינדעלע:
— בור, בור.
קומט אהער א ציגעלע:
— היפּ, היפּ.
לאדט דאָס איַין דאָס ריטשקעלע:
— זיפּ, זיפּ....

לייב קוויטקאָ

## א רעטעניש:

פינף שטעקעלעך אין פינף זעקעלעך,
יעדעס שטעקעלע אין זיַין זעקעלע.

(הענטשקעס)

א אָ ב ג ד ה ו וּ וי וו
ז זש ט טש י יי ײַ כ ך ל
מ ם נ ן ס ע פּ פֿ ף צ
ץ ק ר ש

# טש

טש

**לייענט ריכטיק:**

טשײַניק
טשוואָק
טשערעדע
ריטשקע
טשאַבאַן
טשוב
שטאָק
שטערן
שטאב
שטײַג
פּרישטיק
שטוב

טשעמפּיאָן

# די ליד וועגן שאָלעם

איך בין שווארץ,
און דו ביסט העל,
זי איז ברוין,
און ער איז געל.
אלע, אלע רופן מיר:
שאָלעם! פרידן!
פּאטשע! מיר!
איבער אונדז
די פאָן איז רויט!
קעגן הונגער,
קעגן נויט
אלע, אלע זײַנען מיר, —
שאָלעם! פרידן!
פּאטשע! מיר!






פֿעלקער און לענדער: רוסן און אוקראַיִנער,
בוריאַטן און ייִדן, גאַסט פֿון איטאַליע און סיריע,
פֿון וויעטנאַם און אינדיע. דאָס איז אַ גרויסע
משפּחה. איך שיק דיר צו אונדזער ליד
וועגן שלום.
יורע."



**לייענט ריכטיק:**

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אי— | איר | אין | איך | איז |
| — י | פליט | פרי | בין | ווינטער |
| —יִ | רויִק | פריִיק | פליִער | שנייִיק |
| או— | און | אונדזער | אונטן | אוליאנע |
| —ו | דו | טוריסט | גוט | בוך |

# א בריוו פון ארטעק

**מיַין כאווער יורע איז א פּיִאָנער. זומער איז ער געווען אין ארטעק. אָט איז זיַין בריוו צו מיר:**

„דאָ איז זייער שיין. באַטאָג איז זייער וואַרעם. אינדערפֿרי איז טויִק. דער יאַם איז זייער גרויס, רויִק און בלוי.

אין אַרטעק רוען אָפּ פּיאָנערן פֿון אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן. אַהער קומען קינדער פֿון דעם שנייִקן נאָרילסק און פֿון דער בליִענדיקער מאָלדאַוויע, פֿון מאָסקווע און פֿון קיִעוו, פֿון לענינגראַד און פֿון מינסק.

דאָ לעבן צוזאַמען קינדער פֿון פֿאַרשיידענע

# מײַן כאַווער זשעניע זשוקאָוו

איך האָב א כאַווער. ער הייסט זשעניע זשוקאָוו. ער ווױנט אין אונדזער הויז אַף דעם צווייטן עטאַזש. מיר זײַנען גוטע כאַוויירים. מיר לערנען אין איין קלאַס. מיר שפּילן שטענדיק צוזאַמען.

זומער־צײַט גייען מיר ביידע אַף דעם פּליאַזש אָדער אין וואַלד. מיר זאַמלען פּליטערלעך, זשוקעס. ווינטער־צײַט לויפן מיר אַף ליזשעס.

ווען איך בין דערזשורנע, העלפט ער מיר. און ווען ער דערזשורעט, העלף איך אים. אונדז איז גוט: מיר זײַנען געטרײַע כאַוויירים.

וװי הייסט דער כאַווער?
ווּ ווױנען די כאַוויירים?
וווּהין גייען זיי זומער־צײַט?
וואָס טוען זיי ווינטער־צײַט?



א אָ ב ג ד
ז זש ט ● י
מ ם נ ן ס
ץ ק ר ש

# זש

ה ו וּ וי וו
יי ײַ כ ך ל
ע פּ פ ף צ







ליזשעס



א זשיראף




דער זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד"

ז + ש = זש

זע — זשע
זאק — זשאקעט
אז — אזש

וואזע — וואזשנע
א האָז — א יאָזש
ליזע — ליזשעס

# פֿונקט ווי א האָז

זאָגט דער פֿוקס צו דעם העזעלע:
— קום אהער און קוק זיך צו.
איך בין פֿונקט אזא, ווי דו.
ניט מער, וואָס דו ביסט
פֿון מיר קלענער,
דער עק איז בא מיר שענער,
די נעגל זײַנען גרעסער,
און לויפֿן לויף איך בעסער,
איך בין א ביסל מער געניט
און איך האָב צו האָזן אפּעטיט...
נו, זאָג אליין, מיט וואָס
בין איך ניט קיין האָז?

בינימין גוטיאנסקי



## לייענט און זעצט איבער אַף רוסיש:

1. קיִעוו איז די הויפּט־שטאָט פון אוקראַיִנע.
2. דער פליִער פרוווט אויס די פלי־מאַשין.
3. יאַלטע איז א קוראָרט בא דעם שווארצן יאַם.
4. דער פּרימאָרגן איז רויִק און שטייִק.
5. די פּיִאַלקעס בליִען.
6. אין אונדזער ראַיאָן וווינען רוסן און ייִדן, אוקראַיִנער און בוריאַטן.
7. הײַנט איז דער יאַם רויִק און העל־בלוי.
8. די סאָוועטישע אַרמיי, די אוויִאַציע און דער יאַם־פלאָט שטייען אַף דער וואַך פון אונדזער לאַנד.

הוידלקע, הייב זיך
העכער און העכער!
הייב אויף די קינדער
ביז די דעכער!



## לייענט ריכטיק:



פרי  ק:עוו  רו:ק

| | | |
|---|---|---|
| פרי | גלי | טוי |
| פר::ק | גל::ק | טוי:ק |

א שניי:קער ווינטער.
א רו:קער טאָג.
א טוי:קער פרימאָרגן.
דער סטאדי:אָן. די אווי:אציע.
אוקראַי:נע. דער פלי:ער.



## שרײַבט איבער די ווערטער:

פרי. פרייד. פרי:ער. פרי::ק.
טו. טיי. טוי. טוי:ק.
גלי. גליק. גלי:ען. גל::ק.
רו. רוי. רו:ק.

## פארגעדענקט דאָס שפּריכוואָרט:

געבראָטענע טויבן פלי:ען ניט אליין
אין מויל ארײַן.

# האַנט בײַ האַנט

שײַנט די זון פון הימל רײנעם,
און מיר שפּאַנען האַנט בײַ האַנט,
הײַנט איז פרײלעך יעדן אײנעם —
הײַנט איז יאָמטעוו אין מײַן לאַנד!

מיזרעך, מײַרעוו, צאָפן, דאָרעם —
מיט אָקטיאַבער־שײַן באַהעלט.
שאַלט, טרומײטן!
שפּילט, קלעזמאָרים,
הערן זאָל די גאַנצע װעלט!

כאָטש עס איז איצט
האַרבסט אינדרויסן,
ווערט די סימכע ניט פאַרשטערט —
קומט אָף אונדזער יאָמטעוו גרויסן,
אַלע קינדער פון דער ערד!



שרײַבט איבער
און לערנט אויסווייניק:

אונדזער לאַנד איז גרויס און שײן.
אונדז איז גוט אין אונדזער הײם.




דאָס פאָלק איז געוואָרן באַלעבאָס איבער אַלע רײַכטימער פון דעם לאַנד: איבער דער ערד, איבער די זאַוואָדן און פאַבריקן.

קומט דער זיבעטער נאָיאַבער — גייען אַלע אַרויס אויף יאָמטעוודיקע פּאַראַדן און דעמאָנסטראַציעס. מע טראָגט פאָנען און פּלאַקאַטן, עס שפּילן אָרקעסטערס, אַלע זינגען און טאַנצן, אַלעמען איז פריילעך.

די קינדער גייען אויך אויף דער דעמאָנסטראַציע. זיי טראָגן פאָנעלעך, בוקעטן בלומען.

זאָל לעבן דער גרויסער אָקטיאַבער!

ווען איז דער געבורטסטאָג פון אונדזער סאָוועטישער מעלוכע?
וויאַזוי פײַערט מען דעם גרויסן אָקטיאַבער־יאָמטעוו?

# דער יאָמטעוו פון גרויסן אָקטיאַבער

דעם זיבעטן נאָיאַבער איז בא אונדז א גרויסער יאָמטעוו — דער געבורטסטאָג פון דער סאָוועטישער מעלוכע. מיט א סאך יאָרן צוריק האָבן די ארבעטנדיקע פון אונדזער לאנד געזיגט אין אָט דעם טאָג איבער די סאָנים פון די ארבעטער און פויערים — איבער די בורזשויען.





# דאָס שטעקעלע פון וויעטנאם

וואקסן וואקסט עס אין וויעטנאם,
אין די וועלדער בא דעם יאם.

אײַ־אײַ א שטעקעלע!

די וויעטנאמער פון דעם מאכן
הונדערט טויזנט שיינע זאכן.

אײַ־אײַ א שטעקעלע!
עס איז באמבוק א ווילע זאך:
סײַ א סטעליע, סײַ א דאך,
סײַ א וויגל פאר א קינד,
סײַ א טינטערל פאר טינט,
סײַ א בענקל, סײַ א טיש,
סײַ א קוישל פאר א פיש,
סײַ א בענקל פאר א פרײַנט,
סײַ א שטעקן פאר א פײַנט.

אײַ־אָײַ א שטעקעלע!

שיקע דריז

## לייענט ריכטיק:

| | | | |
|---|---|---|---|
| יא | יא—גערע | יאנ—וואר | סענטיא—בער |
| יאָ | יאָ | יאָ—לקע | יאָ—ר |
| יו | יו—ן | יו—ל | יו—ד |
| יע | יע—ל | יע—לענע | יע—קאטערינע |
| יִ | יִ—ד | יִ—דיש | יִ—נגל |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| יאט | יאם | אָט | אן | יאן |
| יאָ | אָט | יאָד | אָדער | יאָדער |
| יעל | עטל | יעטן | ענטל | יענטל |
| יון | און | יול | אונדז | יונג |
| יִד | אירע | יִדיש | אין | יִנגל |

## זעצט איבער אף רוסיש:

וואלדהיים איז א יִשעוו ניט ווײַט פון ביראָבידזשאן.
ביראָבידזשאן איז דער צענטער פון דער יִדישער אווטאָנאָמער געגנט.
ארטעק איז א גרויסער פּיאָנער־לאגער בא דעם שווארצן יאם, ניט ווײַט פון דער שטאָט יאלטע.



ווער זשע קאָן שטערן אונדז —
טראַ—לאַ—לײַ,
מיר זאָלן פֿאַרנעמען זיך
מיט סטאָלערײַ?



מיר האָבן פֿלייטעלעך,
דו האָסט אַ פֿידל,
זיי האָבן פּײַקעלעך,
איר האָט אַ לידל.



ווער זשע קאָן שטערן אונדז —
טראַ—לאַ—לײַ,
מיר זאָלן פֿאַרנעמען זיך
מיט קלעזמערײַ?

## שטעלט אַרײַן די דורכגעלאָזטע ווערטער

... לערער לערנט. ... לערערן שרײַבט. ... קינד מאָלט. ... מאַמע אַרבעט. ... ייִנגל לייענט. ... מאַמע קומט. ... מיידל גייט. ...ביימל איז קליין. ... בוים איז גרין. ... קלאַס איז ריין. ... קרײַדל איז ווײַס. ... ליד איז שיין.

## וואָס פֿעלט דאָ?

1. איך ...... אַ העפֿט מיר ....... העפֿטן.
2. דו ...... אַ בוך. מיר ....... ביכער.
3. ער ...... אַ בלײַער. זיי ....... בלײַערס.

# אַ לידעלע

איך האָב אַ ברעטעלע,
דו האָסט אַ העקל,
זי האָט אַ זעגעלע,
ער האָט אַ צוועקל.





גענומען א שטעקן אין דער האנט און איז אוועק אין גאס.

האָט א שאָכן דערזען דורך דעם פענצטער דאָדיקן און א געשריי געטאָן:

— היי, דו, היטל, וואָס טוסטו? וווהין שלעפּסטו דאָס ייִנגעלע?

וואָס האָט אָנגעטאָן דאָדיק?
וווהין איז ער ארויסגעגאנגען?
ווער האָט אים דערזען דורך דעם פענצטער?
וואָס האָט דער שאָכן געזאָגט?

## זאָגט אף רוסיש:

1. איך האָב א הונט. ער הייסט רעקס.
2. דו האָסט א קעצעלע. עס הייסט מורקע.
3. סאשע האָט א פּילקע. זי שפּרינגט הויך.
4. האָדל האָט א בלײַער. זי מאָלט א הויז.
5. מיר האָבן א כאווער. ער הייסט העניך.
6. גרישע האָט א כאווערטע. זי הייסט האָדל.
7. זיי האָבן העק. זיי האקן האָלץ.

הענעך פּירט אָפּ דאָס מיסט אַף א וועגעלע.
אלעמען איז הייס, אלע האָרעווען.

פלוצעם צעהאווקעט זיך דער הונט בארבאָס.
ער האָט דערהערט א הודען פֿון א לאסט־אווטאָמאָביל.

הערשל און האָדל לויפן צו דעם טויער.

— אהער, אהער! — שרײַען זיי.

ער שאָפער שטעלט אָפּ די מאשין. זי וועט אָפּפירן דאָס מיסט ווײַט הינטער דער שטאָט.

אלע זײַנען מיד, נאָר מע איז צופרידן: ריין און שיין איז אצינד בא אונדז אין הויף.

ווער ארבעט אף דעם שאבעסניק?
מיט וואָס העלפן די קינדער?
וו:אזוי איז בא אײַך אף די שאבעסניקעס?

## דאָס היטל

דאָדיק האָט אָנגעטאָן דעם טאטנס היטל און מיינט, אז ער איז געוואָרן א גרויסער. דאָס היטל האָט זיך אראָפּגערוקט איבער דער נאָז, אָבער דאָדיק האָט דאָס ניט באמערקט. ער האָט

# אַלע אַרבעטן אױף דעם שאַבעסניק

הײַנט איז בײַ אונדז אין הױף אַ שאַבעסניק. קײנער זיצט ניט אינדערהײם. אַלע אַרבעטן — די טאַטעס, די מאַמעס, די עלטערע ברידער און שװעסטער. אַפּילו די אַלטיטשקע זײדעס און באָבעס זײַנען אַרױס אין הױף. די קינדער העלפֿן אױך. הערשל גראָבט אַרום די בײמער, האָדל קערט אױס מיט אַ בעזעם דאָס מיסט.



## לייענט ריכטיק:

| | |
|---|---|
| אלט — האלט | ער — הער! |
| אָן — האָן | ערד — הערט! |
| אָט — האָט | אָבער — האָבער |
| אין — הין | אויך — הויך |

## פארגעדענק די פאָלקס־ווערטלעך:

אז מע איז פויל,
האָט מען ניט אין מויל.

האָרעווע, מיידעלע,
וועסטו האָבן א קליידעלע.

ער האקט האָלץ: — הע—עך!



| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וו | וי | וּ | ו | ה | ה | ד | ג | ב | אָ | א |
| ל | ך | כ | ײַ | יי | | י | • | ט | • | ז |
| צ | ף | פֿ | פּ | ע | | ס | ן | נ | ם | מ |
| | | | | | | | ש | ר | ק | ץ |





— ווי הייסטו?

— איך הייס הערשל.

— און ווי הייסט זי?

— זי הייסט האָדל.



א העפט



א הונט



א הון



א הויז



צוויי הינער



| ך — | כ | ן — | נ |
|---|---|---|---|
| לאך — | כאַפּ | ניין — | נעם |
| מאַך — | כאָף | ניין — | ניי |
| זוך — | זוכט | שיין — | שניי |

| ץ — | צ | ף — | פ | ם — | מ |
|---|---|---|---|---|---|
| נוץ — | צו | אַף — | פּיר | אים — | מיל |
| זיץ — | צי | סאָף — | פּלי | סאָם — | מאָל |
| כוץ — | ציל | כאָף — | פון | רום — | מיר |

# אין ספּאָרט־זאַל



— שטייסטו?

— ניין, איך שטיי ניט, איך לויף.

— זי שטייט?

— ניין, זי......זי....

— גייסטו?

— ניין, איך......איך....

— זי גייט?

— ניין, זי......, זי....

— לויפסטו?

— ניין, איך......, איך....

| | |
|---|---|---|
| אי— —י | איי — יי | אײַ — ײַ |
| איז — זי | איי — גיי | אײַך — רײַך |
| איך — די | איין — דריי | אײַז — רײַז |
| אים — מי | איינס — שטיי | אײַל — פײַל |

| | |
|---|---|
| אוי— —וי | או — —ו |
| אויס — גרויס | און דו |
| אויך — טוי | אונטן טוט |
| אויער — טויער | און — קו |

# אין קלאַס



— זיצסטו?

— ניין, איך זיץ ניט, איך שטיי.

— ער זיצט?

— ניין, ער זיצט ניט, ער שטייט.

— שרײַבסטו?

— ניין, איך........איך ....

ער שרײַבט?

— ניין, ער........ער ....

— זינגסטו?

— ניין, איך........איך ....

## ניין–ניט

וואָס טוען די קלײנע קינדער אין א קינדערגאָרטן?
זײ לײענען? זײ שרײַבן? זײ רעכענען? זײ לערנען?
זײ גײען אין שול? זײ זײַנען שוין גרויסע?
וואָס טוען די שילער אין א ספּאָרט־זאל?
זײ שרײַבן? זײ לײענען? זײ שלאָפן?

מוסטער: „—ניין, זײ לײענען ניט, זײ...״

**א רעטעניש:**

א ווײַסער מויער און א געלער מויער.
וויל מען צוקומען צום געלן —
מוז מען צעברעכן דעם ווײַסן.

(אײ אן)

## לאָמיר א ביסעלע צײלן



13, 14, 15, 16, 17, 18, 19

30, 40, 50, 60

70, 80, 90

# ניט



װאָװע שרײַבט?
װאָװע שרײַבט ניט.
ער מאָלט.



נאָטע און ריטע לייענען?
נאָטע און ריטע
לייענען ניט. זיי זינגען.

## ענטפערט אף די פראגעס:



די שילערן זינגט?



די שילערן לייענט?

# וואָס טוען די קינדער נאָך דער שול?

איך לייען א בוך.
דו שרײַבסט א בריוו.
זי לערנט ווערטער.
ער מאָלט א שיף.

מיר זינגען לידער.
איר שפּילט און לאַכט.
זיי גייען שלאָפן.
— א גוטע נאַכט!



## לייענט און גיט צו די דורכגעלאָזטע בוכשטאבן:

דער לערער פרעג..., און מיר ענטפער ...
דו זיצ ... און שרײַב ... א בריוו.
די שילערן צייל ... : איינס, צוויי, דרײַ.
די קינדער רופ ... : „קום, לאָמיר מאָלן"



## ווער און וואָס גייט?



עס גייט
א שילער



עס גייט
א רעגן



עס גייט
דער זייגער

| | | |
|---|---|---|
| איך | זינג | מיר זינג **ען** |
| דו | זינג **סט** | איר זינג **ט** |
| ער, זי, עס | זינג **ט** | זיי זינג **ען** |



| | |
|---|---|
| איך מאָל | מיר מאָל ן |
| דו מאָל סט | איר מאָל ט |
| ער, זי, עס מאָל ט | זיי מאָל ן |

**לויט אָט דעם מוסטער לייענט די ווערטער:**

שרײַבן, פרעגן, ענטפערן, זיצן,
לויפן, ציילן, שפּילן, רופן

**א רעטעניש:**



זומער טוט ער אָן דעם פעלץ,
ווינטער טוט ער אויס דעם פעלץ.

(א בוים)



זיבן אזייגער



אכט אזייגער



צוויי אזייגער

| | |
|---|---|
| אף+דעם = אפן | אין+דעם = אינעם |
| צו+דעם = צום | מיט+דעם = מיטן |

# דער זייגער איז אראָפּגעפאַלן

— מאמע, דער זייגער איז אראָפּגעפאלן!

— ווייִ איז מיר, גיב א קוק, צי ער גייט?

— ניין, מאמע, ער ליגט און רירט זיך ניט פון אָרט...

**א רעטעניש:**

גרין, ווי גראָז — נאָך ניט דאָס,
רויט, ווי בלוט — נאָך ניט גוט,
שווארץ, ווי קויל — נעם אין מויל.

(קארשן)

# דער זייגער גייט צו גיך?




אינדערפרי.
די שילער און די שילערנס גייען אין שול. נאָר לענע פרישטיקט נאָך.
— לענע, שוין אכט אזייגער, — זאָגט די מאמע.
לענע קוקט אפן זייגער.
— אונדזער זייגער גייט צו גיך, מאמע!
— ניין, לענאָטשקע, — ענטפערט די מאמע. — דער זייגער גייט ריכטיק, נאָר דו טוסט אלץ פּאמעלעך.

וואָס זאָגט לענען די מאמע?
וואָס ענטפערט איר לענע?
צי איז לענע גערעכט?

פארגעדענקט, ווי מע זאָגט:
די שווערסטע ארבעט איז ליידיק צו גיין.
אזוי, ווי די זריִע, אזוי איז די טוווּע.

# אין קלאַס




ער ט

ער זיצט

ער שרײַבט

ער מאָלט

ער זינגט

| | | |
|---|---|---|
| זי ט | מיר (ע)ן | זיי (ע)ן |
| זי זיצט | מיר זיצן | זיי זיצן |
| זי שרײַבט | מיר שרײַבן | זיי שרײַבן |
| זי מאָלט | מיר מאָלן | זיי מאָלן |
| זי זינגט | מיר זינגען | זיי זינגען |

# אין ספּאָרט־זאַל

| | | |
|---|---|---|
| ער גייט | מיר שטייען | זיי שטייען |
| ער שטייט | מיר גייען | זיי גייען |
| ער לויפֿט | מיר לויפֿן | זיי לויפֿן |
| ער שפּרינגט | מיר שפּרינגען | זיי שפּרינגען |

# אין ספּאָרט־זאַל



— דו שטייסט?
— שטייסטו?
— איך שטיי.

— דו גייסט?
— גייסטו?
— איך גיי.

— דו לויפסט?
— לויפסטו?
— איך לויף.

— דו שפּרינגסט?
— שפּרינגסטו?
— איך שפּרינג.

## אַך, זאָל טאָמיד זײַן נאָר זומער!



ווער קען אונטער וואסער ליגן
און ניט צומאכן די נאָז,
און זיך וויגן, וויגן, וויגן, —
שטעלט זיך אויס דאָ בא דעם גראָז!
אַך, זאָל טאָמיד זײַן נאָר זומער,
גוט געוועזן וואָלט, — כעוורע, טאָפּ!
זאָגט איר עפּעס אף דעם שווימער?
איך צום ערשטן שפּרינג אראָפּ!

(לויט פּערעץ מארקיש)



אין דער שול גייען זיי,
אין דער שול קומען זיי,
אין דער שול לערנען זיי
און שפּילן זיי...

אין דעם קלאַס לייענען מיר,
אין דעם קלאַס שרײַבן מיר,
אין דעם קלאַס מאָלן מיר
און זינגען מיר...



אין דעם קלאַס לייענען זיי,
אין דעם קלאַס שרײַבן זיי,
אין דעם קלאַס מאָלן זיי
און זינגען זיי...



אין דעם גאָרטן שפּילן מיר,
אין דעם גאָרטן לויפן מיר,
אין דעם גאָרטן זינגען מיר
און טאַנצן מיר...

אין דעם גאָרטן שפּילן זיי,
אין דעם גאָרטן לויפן זיי,
אין דעם גאָרטן זינגען זיי
און טאַנצן זיי!

## לייענט און שטעלט אַרײַן די דורכגעלאָזטע ווערטער

דער

די

?

דאָס

... לערער לייענט א בוך
... שילער שרײַבט א דיקטאנט
... טאטע ארבעט גוט
... לערערן לערנט דאָס קינד
... שילערן זינגט א ליד
... מאמע שרײַבט א בריוו
... לערער לייענען ביכער
... שילער שרײַבן דיקטאנטן
... טאטעס ארבעטן גוט
... לערערנס לערנען די קינדער
... שילערנס זינגען לידער
... מאמעס שרײַבן בריוו



## לאָמיר א ביסעלע זינגען

אין דער שול גייען מיר,
אין דער שול קומען מיר,
אין דער שול לערנען מיר
און שפּילן מיר...



## זעצט איבער אף רוסיש:

וואָווע האָט געלעבט אין שטאָט. בינע האָט אויך געלעבט אין שטאָט. באָריס עסט ווײַנשל. בינע עסט מאַלענעס. די יאַגעדעס זײַנען געשמאַק.

איך צי — מיר ציִען.
איך פלי — מיר פליִען.
די קווייט בליט — די קווייטן בליִען.
איך מי זיך — מיר מיִען זיך.



## רוּוון וויל ניט פּרוּוון

— פּרוּוו נאָר, רוּוון, נעם די פּען,
ווי דו שרײַבסט, מיר ווילן זען!
נאָר רוּוון וויל ניט פּרוּוון,
ער זאָגט: — איך גיי זיך שפּילן,
איך וויל ניט, מע זאָל זען:
ווען אַלע כעוורע ווילן,
איך לייג אוועק די פּען!..

# מיר לערנען ייִדיש





— דאָס איז א שטול?
— ניין, דאָס איז ניט קיין שטול.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א טאָוול?
— ניין, דאָס איז ניט קיין טאָוול.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א טיר?
— ניין, דאָס איז ניט קיין טיר.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א בוך?
— ניין, דאָס איז ניט קיין בוך.
דאָס איז א .....



— דאָס איז א טיש?
— ניין, דאָס איז ניט קיין טיש.
דאָס איז א .....

לייע נ סטו איך לייע ן
לער נ סטו איך לער ן
רעכ נ סטו איך רעכ ן
לאכ סטו איך לאך
מא כ סטו איך מאך
זו כ סטו איך זו ך
נע מ סטו איך נע ם
קו מ סטו איך קו ם
קע מ סטו איך קע ם
לוי פ סטו איך לוי ף



שטייסט + דו = שטייסטו
שרײַבסט + דו = שרײַבסטו

# אין קלאַס



— דו זיצסט?
— זיצסטו?
— איך זיץ

— דו שרײַבסט?
— שרײַבסטו?
— איך שרײַב.

— דו מאָלסט?
— מאָלסטו?
— איך מאָל.

# אונדזער קלאַסן־צימער

אונדזער קלאַסן־צימער איז גרויס און שיין. לינקס זײַנען פיר פענצטער. רעכטס זײַנען צוויי טירן. פאָרנט שטייט א טאָוול. לעם טאָוול ליגן קרײַדלעך און א ווישטיכל. פאָרנט שטייט א טיש. לעם אים שטייט א שטול. דאָ זיצט אונדזער לערערן. אף די פּאַרטעס זיצן צוויי און צוואַנציק (22) שילער און שילערנס. די שילער און די שילערנס לערנען ייִדיש. זיי קענען שוין ציילן: איינס, צוויי, דרײַ, 4, 5, 6, 7, 8, 9, צען, עלף, צוועלף...

די לערערן זאָגט:

— לאָמיר לייענען א לידל פון לייב קוויטקאָ:



מײַן ציבעלע וואַקסט,
די שפּיצן צעצוויגן,
דאָס ציגעלע וואַרפט
צו דעם מיט די אויגן.

לערנט די שפּריכווערטער:

צוערשט טראַכט, דערנאָך מאַכט!

צוערשט טוט, דערנאָך רוט! ווילסטו זײַן געזונט און שיין, שטענדיק וואַש און פּוץ די ציין!

א אָ ב ג ד
ז ט י
מ ם נ ן ס
ץ ק ר ש

# ץ

ו וּ וי וו
יי ײַ כ ך ל
ע פּ פֿ ף צ





די קאץ,
דער פלאץ.
שווארץ, קורץ.



זי צ ן
טאנ צ ן
שני צ ן
דאָס קע צ ל

## א טאנץ

— זי ץ!
— טאנ ץ!
— שני ץ!
ק א ץ

מיר טאנצן: איינס—צוויי, איינס—צוויי!

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ב | ג | ד |
| ז | ● | ט | ● | י |
| מ | ם | נ | ן | ס |
| ● | ק | ר | ש | |

# צ

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ● | ו | וּ | וי | װ |
| יי | ײַ | כ | ך | ל |
| ע | פּ | פ | ף | צ |





אי—ציק איז
א מי—לי—צי!—אָ—נער.
צע—זאר
דער צימער
איצט
צען
א צעך
א צוים



א צירק

מיר ציי—לן: איינס, צוויי... צען,
עלף, צוועלף (12), צוואנציק (20),
צוויי און צוואנציק (22).

# פלײַסיק אָדער פֿויל?

— פּײַוועלע, שטיי אויף! העלף דעם טאַטן אין גאָרטן.

— איך שלאָף נאָך!

— פּײַוועלע, טו א לויף און קויף קאַרטאָפּל.

— איך שלאָף דאָך!

— פּײַוועלע, קויף פּוטער אף פרישטיק און ברויט אף מיטיק.

— איך שלאָף דאָך נאָך!

— פּײַוועלע, נא געלט און קויף קאָנפעטן. דו שלאָפסט נאָך, פּײַוועלע?

— ניין, איך שלאָף ניט. איך לויף, איך פלי!..



# דער פּאָטער

פּיַוולס פּאָטער איז אַ קאַפּיטאַן אַף דער שיף „גענעראַל פּאַנפּילאָוו”. סאַפּעס פּאָטער איז אַ פּילאָט, אַ פּליִער. ער פליט אַף אַן אַעראָפּלאַן. פּאַוועלס פּאָטער איז אַ פישער. ער שווימט אַף אַ שיף. ער כאַפּט פיש. ראַפּיקס פּאָטער אַרבעט אין דעם יִישעוו טעפּלאָזערסק. ער אַרבעט אַף דעם פיש־זאַוואָד. דאָ כאָוועט מען אויס קליינע פישעלעך.

## לייענט ריכטיק פּ און פ:

| | |
|---|---|
| דאָס פאָלק | דער פּאָלק |
| איך פאָר | די פּאָר שיך |
| די פאַס | דער פּאַס |
| דער קנאַפל | דאָס קנעפּל |
| פעטיע | פּעדיע |
| פאַוועל | פּיַוול |
| די פאָלקע | די פּיִאַלקע |
| דער פאַקעט | דער פּאַקעל |




מיט אַ פינטל — שיך אַ פּאָר,
אָן אַ פינטל — פאָר און פאָר!








איך לויף  דו לויפסט — לויף!  מיר, זיי לויפן

איך רוף  דו רופסט — רוף!  מיר, זיי רופן

איך שלאָף  דו שלאָפסט — שלאָף!  מיר, זיי שלאָפן




די שיפן, די שיף, פינף, פײַף!
דער טײַך איז טיף.
איך לויף ארויף און אראָפּ.
די שיף טוט א פײַף
און רירט זיך פון אָרט.

**זאָגט גיך:**

אף פינף פורן פאָרן פישער,
פירן פרישע פיש.










א פיש
דער פאקעל,
די פערמע,
דער פאָנטאַן.
פוטבאָל .
מיר פרעגן,
מיר ענטפערן.
וויפל?
פון פאָרנט.
רופן,
שלאָפן,
לויפן,
פרעגן



א פּאָמידאָר א פּענאַל א פּאַרטע א פּאָפּוגײַ



דאָ ליגן 2 פּענאַלן די פּענאַלן זײַנען ברוין.



דאָ שטייען 8 פּאַרטעס די פּאַרטעס זײַנען ריין.



דאָ ליגן 3 פּאָמידאָרן די פּאָמידאָרן זײַנען רויט.



דאָ זײַנען 2 פּילקעס די פּילקעס זײַנען בונט.



דאָ שטייען 2 טישלעך די טישלעך זײַנען קליין.










פֿאווּעל,
סאָפֿקע,
פֿאַשע.
די פֿאַרטע,
די פֿילקע,
די פֿאַלאַטקע.
דער פֿענאַל,
דער פֿילאָט,
דער פּיִאָנער,
דער פּאָרטרעט.
דער פּאַראַד,
דער קאַפּיטאַן,
דאָס פּאַפּיר.

נאָכעם מאָלט א בוים.

דאָ קומט די מאַמע.

— מיר מאָלן, מאַמע, — זאָגן די קינדער.

— מע קאָן א קוק טאָן, וואָס איר מאָלט?

בײדע נעמען די גענעלן.

— זע, מאַמע, דאָס איז מײַן שטוב, — זאָגט שאָלעם.

— און דאָס איז מײַן בוים, — באַווײַזט נאָכעם.

— איר זײַנט וווילע קינדער, — זאָגט די מאַמע. — איר מאָלט גוט.

וועֶר זײַנען שאָלעם און נאָכעם?

וואָס מאָלן זיי?

וואָס זאָגט די מאַמע וועגן די קינדער?

## א רעטעניש:

אלעמען באַנייט עס,

אלעמען באַקליידט עס,

און אליין נאַקעט גייט עס.



(א נאָדל)

# שאָלעם און נאָכעם מאָלן

שאָלעם און נאָכעם זײַנען ברידער. זיי זײַנען גוטע כאַווײרים. שאָלעם זאָגט:

— נאָכעם, קום, לאָמיר מאָלן!

זאָגט נאָכעם:

— גוט, באַלד קום איך. איך נעם נאָר די בלײַערס.

און אָט מאָלן זיי. שאָלעם מאָלט א שטוב,



מאשע מאָלט א רויז. די רויז איז רויט. מישע מאָלט א מייַזל. אָט אזא איז דאָס מייַזל. מירע מאָלט א שול. אָט איז איר שול. ראָמע מאָלט א מיל. אָט אזא איז די מיל. אלע קינדער מאָלן גערן. אלע קינדער מאָלן שיין.



דאָס גלעקעלע קלינגט,
דאָס גלעקעלע זאָגט:
— דער לימעד איז אויס!
א גוטן טאָג!



**א רעטעניש:**

איך און דו — איינער דאָך,
ווען איך קרים זיך, מאכסטו מיר נאָך.

(א שפּיגל)




מאנטל     מארקע     מאגאזין



טערמאָמעטער     מײַקע     מאטראָס

## דער - ער     די - זי

ער — דער מאנ—טל     זי — די מא—מע
ער — דער מארק     זי — די מו—מע
ער — דער מא—גא—זין     זי — די מאר—קע
ער — דער מאט — ראָס     זי — די מײַ—קע

ער—דער: דער טאטע, דער זיידע, דער ברודער
זי—די: די מאמע, די באָבע, די שוועסטער,

## דאָס - עס

דאָס בילד     דאָס קינד     דאָס ייִנגל
דאָס ביימל     דאָס ביכל     דאָס טישל
דאָס לידעלע     דאָס טאָוועלע     דאָס קרײַדל

# וואָס טוט...?



דער לערער שרײַבט
ער שרײַבט ווערטער



דאָס קינד מאָלט
עס מאָלט א בילד



דער טאטע ארבעט
ער ארבעט גוט



דאָס ייִנגל זיצט
עס שרײַבט א בריוו.



# יורי גאגאַרין

יורי גאגארין איז דער ערשטער אין דער וועלט קאָסמאָנאווט.

יורי גאגארין איז דער ערשטער געווען אין וויַיטן קאָסמאָס.

דאָן איז דאָס נאָך געווען א גרויסער ווונדער. אונדזער לאנד גרויסט זיך, וואָס גאגארין איז געווען דער ערשטער אין דער וועלט קאָסמאָנאווט.

# לייענט ריכטיק ס און ם




| | | | |
|---|---|---|---|
| באם | באס | אים | אויס |
| רום | רוס | סאָם | מאָס |
| קאם | קלאס | קרים | גריס |

# מיר לייענען



מירע: שא, קינדער,
דער לערער קומט!
לערער: גוט מאָרגן, קינדער!
קינדער: גוט מאָרגן! גוט מאָרגן!
לערער: אלע זײַנען דאָ?
מירע: אלע זײַנען דאָ!
לערער: נעמט די ביכער,
מיר װעלן לייענען.

די ראם — די ראמען.
דער בוים — די ביימער.
דער בוך — די ביכער.

**זאָגט גיך:**

מיר מאָלן מילן. מילן מאָלן מעל.

| | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וו | וי | וּ | ו | ● | | ד | ג | ב | אָ | א |
| ל | ך | כ | ײַ | יי | **ם** | י | ● | ט | ● | ז |
| ● | ● | ● | ● | ע | | ס | ן | נ | ם | מ |
| | | | | | | | ש | ר | ק | ● |





שאָלעם־אלייכעם
מענדעלע
מויכער־ספאָרים

קום! נעם!






— קום, קום, קום מיט מיר!











דער מאט — ראָס

דער מא—גא—זין

דער מאנ—טל

די מא—מע

די מו—מע

די מאר—קע

די מײַ—קע

מאכן — מאך

איך — מיך

מירע און מאשע גייען אין שול

## זי קען ניט סײַוויסײַ...

לערער: וואָס טוסטו, בערעלע?
בערעלע: איך שרײַב א בריוול.
לערער: דו קענסט דאָך נאָך ניט שרײַבן!
בערעלע: נו איז וואָס, אראָן באָריסאָוויטש?
דאָס שרײַב איך בעלען, זי קען
סײַוויסײַ ניט לייענען.

## בוזי שרײַבט א בריוו



ליבע באָבע בעלע און זיידע באָריס!

איך שרײַב שוין רוסיש און ייִדיש. דאָס שרײַב איך אליין אײַך א בריוו. איך לערן זיך אין שול. אונדזער שול איז א נײַע. זי שטייט לעבן דער בירע. די געבײַדע איז זייער א שיינע. איך לערן זיך גוט. אלע אונדזערע שילער קענען שוין לייענען, שרײַבן און רעכענען.

איך גריס אלע באקאנטע און קוש אײַך. אײַער איייניקל בוזי.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ב | ג | ד |
| ז | ● | ט | ● | י |
| ● | ● | נ | ן | ס |
| ● | ק | ר | ש | |

# ב

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ● | ו | וּ | וי | וו |
| יי | ײַ | כ | ך | ל |
| ע | ● | ● | ● | ● |

בער, בע—רל,
בו—זי,
באָ—ריס,
באָ—רע,
בע—לע,
די באָ—בע,
דער בי—לעט,
דער בלײַ—ער,
דער באל—קאָן,
דער ברו—דער,
דער בריק,
דער בוך




בא גרין — גיי!
בא רויט — שטיי!




## דער ער

דאָס איז א  דער  איז גרויס.
ער איז גרין.

דאָ שטייט א  דער  איז גרויס.
ער איז שיין.

דאָ שטייט א  דער  איז גרויס.
ער איז ריין.

## „א" אָדער „דער"?

1. דאָס איז ... קלאַס. .... קלאַס איז גרויס.
2. דאָס איז ... טאָוול. ... טאָוול שטייט דאָ.
3. דאָס איז ... שילער. ... שילער לערנט גוט.
4. דאָ ליגט ... בוך. ... בוך איז שיין.
5. דאָ שטייט ... שטול. ... שטול איז ריין.

גערשן לערנט גוט.
גרישע לערנט גוט.
גיטע לערנט גוט.
גענע לערנט גוט.

א גוטן טאָג!
א גוטן טאָג, לערער!
א גוטן טאָג, שול!



— זייַט גרייט!
— שטענדיק גרייט!

| | |
|---|---|
| יונג | זינ—גען |
| ייִנ—גל | קלינ—גען |
| ייִנ—גע—לע | גרי—נע |
| ייִנג—לעך | גרי—נען |

| | |
|---|---|
| גיין | ביין |
| גיי | ביי |
| גאס | נאס |
| גוט | ניס |

| | | |
|---|---|---|
| זיג | קלוג | לאנג |
| זינג | קלונג | גאנג |
| זאנג | קלאנג | רינג |

א אָ ג ד
ז ט י
נ ן ס
ק ר ש

ו וּ וי וו
יי ײַ כ ך ל
ע

# ג







א ווא—גאָן

גע—נע
גרי—שע
גרי—גאָ—רי
גער—שן
גא—גא—רין






א גי—טא—רע



א ווי—גל

| דאָס איז | | דאָס זײַנען |
| --- | --- | --- |
| א טיש | א טישל | טיש—לעך |
| א ... | א ... ל | ...לעך |
| א ... | א ... ל | ...לעך |
| א ... | א ... ל | ....לעך |
| א ... | א ... ל | ....לעך |



| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וו | וי | וּ | ו | ● | ך | ד | ● | ● | אָ | א |
| ל | ך | כ | ײַ | יי | | י | ● | ט | ● | ז |
| ● | ● | ● | ● | ע | | ס | ן | נ | ● | ● |
| | | | | | | ש | ר | ק | ● | |

# ך





איך
אויך
נאָך
לאך
א רויך
א טײַך
א שוך



ניט קיין ווינטן,
ניט קיין קעלט —
שיין און ליכטיק
איז די וועלט.

שײַנט די זון
די שיינע אײַך:
— כעוורע, כעוורע,
קריך אין טײַך!










כאָר
אכט
נאכט
לאכן
קאָכן
זוכן
רויכן
טײַכן
דעכער



כעורע, כעורע,
שטיל — קיין וואָרט!
אלע ווייסן
זייער אָרט.

נאט די נאָטן,
נאט די ווערטער,
און א כאָר א שיינער
ווערט איר!

דאָ איז א לערערן. דאָ זײַנען קינדער: קלארע, קירע, אליק, וויקטאָר און אנדערע. זיי זײַנען שילער און שילערנס. זיי לערנען רוסיש און ייִדיש. זיי קענען שוין לייענען ייִדיש.

וואָס איז דאָס?
וואָס איז דאָ אין קלאס?
ווער איז דאָ אין קלאס?
וואָס לערנען די קינדער?



# אונדזער קלאַס

דאָס איז א קלאס. דאָ זײַנען 2 טירן
2 שיינע ריינע טישן, 2 שטולן, 4 ווײַסע ווענט,
א סטעליע, א דיל, א טאָוול.
דאָ איז א ווײַס קרײַדל. דאָרט איז א קארטע.
און וואָס שטייט אין קלאס ווײַטער?
אין קלאס זײַנען קווייטן. זיי זײַנען שיין.






# א סאָד

רעדל־ראָד,
רידל־ראָד,
נאַטע־זלאַטע
ווייסט א סאָד.
זי אליין נאָר,
וויַיטער קיינער,
און דער טאַטע
ווייסט אוואַדע,
און דאָס אייזל,
און די סטאַדע,
דאָרע ווייסט,
און סאָרע ווייסט,
טיר און טויער,
נאָז און אויער,
טויערל איַין,
טויערל אויס,
דאָ אריַין,
און דאָרט ארויס —
נאַטע־זלאַטעס סאָד
איז אויס!

| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| וו | וי | וּ | ו | ● | ק | ד | ● | ● | אָ | א |
| ל | ● | ● | ײַ | יי | | י | ● | ט | ● | ז |
| ● | ● | ● | ● | ע | | ס | ן | נ | ● | ● |
| | | | | | | | ש | ר | ק | ● |







א סוק א שאשקע א קרײַדל

קלא—רע
קי—רע
וויק—טאָר
א—ליק
א—לעק—סאנ—דער
קאָל—ווירט
קאָ—לעק—טיוו



א טראַקטאָר

# אָשער און זײַן שוועסטער

סאשע: זע, דאשע, ווער איז דאָס?
דאשע: דאָס זײַנען אָשער און זײַן שוועסטער ליזע.
סאשע: זיי זײַנען שוין שילער?
דאשע: אוודאי, ער איז א שילער, און זי איז א שילערן.
סאשע: ווּ לערנען זיי?
דאשע: זיי לערנען אין אונדזער שול.
סאשע: וואָס לערנען זיי?
דאשע: אָשער און ליזע לערנען ייִדיש און רוסיש.



ווער זײַנען אָשער און ליזע?
ווּ לערנען זיי?
וואָס לערנען זיי?

סאשע, אָשער, דאשע און נאטאשע זײַנען שילער.
זיי לערנען אין דער שול רוסיש און ייִדיש.

| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ● | ● | ד | ש | ● | ו | וּ | וי | וו |
| ז | ● | ט | ● | י | | יי | ײַ | ● | ● | ל |
| ● | ● | נ | ן | ס | | ע | ● | ● | ● | ● |
| ● | ● | ר | ש | | | | | | | |





שו—רע,
אָ—שער,
סא—שע
יִ—דיש,
רו—סיש,
סאָ—ווע—טיש
א שול,
א טיש,
א שטול,
א שי—לער

לייענט און לערנט נײַע ווערטער:

די ש—וו—ע—ס—ט—ע—ר

ש—וי—ן



א שליטל



א שער



א שטול



א שול

# א לידעלע אָן ווערטער



לאָרע ווייסט א לידעלע,
א לידעלע אָן ווערטער:
— טרא־לא־לא,
טרא־לא־לא —
אָט א לידעלע אזא!

ליזע וויל דאָס לידעלע,
דאָס לידעלע אָן ווערטער:
—טרא־לא־לא, טרא־לא־לא —
דאָס לידעלע אָן ווערטער!

לאָרע, לאָרע, סײַוויסײַ
איז דײַן ליד אָן ווערטער,
לאָרע, לאָרעלע, אנטלײַ
איר די ליד אָן ווערטער!

— טרא־לא־לא, טרא־לא־לא —
אָט א לידעלע אזא!

לאָרע ווייסט און ליזע ווייסט
א לידעלע אָן ווערטער:
— טרא־לא־לא, טרא־לא־לא —
אָט א לידעלע אזא!

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ● | ו | וּ | וי | וו |
| יי | ײַ | ● | ● | ל |
| ע | ● | ● | ● | ● |



| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ● | ● | ד |
| ז | ● | ט | ● | י |
| ● | ● | נ | ן | ס |
| ● | ● | ר | ● | |





די לע—וואָ—נע

א לע—רער

א לאָ—טאָ

ליזע

לידע

לאָרע

לעאָניד



דאָס איז א לערער



דאָס איז א לערערן



— דאָ וווינט ווערע ווײַנער?

— ווערע ווײַנער וווינט דאָ.

— וווּ איז זי?

— ווערע איז ניטאָ. זי איז אין סאַד.

| | | |
|---|---|---|
| וו־י | וו־יי | אי־ז |
| וו־י־נ־ט | וו־יי־נ־ט | אי־ר |
| וו־י־נ־ט־ע־ר | וו־יי־נ־ע־ן | אי־ן |

| | | |
|---|---|---|
| וו־וּ | וו־וי | איי |
| וו־וּ־נ־ד | וו־ו־י־נ־ט | איי־נ־ס |
| וו־וּ־נ־ד־ע־ר | וו־ו־י־נ־ע־ן | איי־נ־ע־ר |

| א יי | א ײַ | א וי |
|---|---|---|
| ריי | ר ײַ ט | ר ו י ט |
| ז יי | ז ײַ ! | ז ו י ע ר |
| טיי | ט ײַ ע ר | א ט ו י ע ר |
| ווייט | וו ײַ ט ע ר | וו ו י נ ע ן |



אן איי



אײַ!



אוי!



איי—נ—ס



אײַ—ז




אוי—ס!



איי—ע—ר




אײַ־ע־ר־ע ?



אוי—ע—ר




ז—יי ט—יי

ז—ײַ ט—ײַ—ע—ר

א—ז—וי ט—וי—ע—ר

ר—יי—ד וו—יי—ס

ר—ײַ—ט וו—ײַ—ס

ר—וי—ט וו—וי—ז

# רויטע רײַטער

אין א ריי, אין א ריי,
רויטע רײַטער זײַנען זיי.
ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער
רײַטן רויטע רײַטער.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| וו | וי | וּ | ו | ● |
| ● | ● | ● | ײַ | יי |
| ● | ● | ● | ● | ע |




| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ד | ● | ● | אָ | א |
| י | ● | ט | ● | ז |
| ס | ן | נ | ● | ● |
| | ● | ר | ● | ● |



רויז



אירע: אוי, זע! דאָ זײַנען רויזן, זיי זײַנען רויט.

אידע: אוי—אוי—אוי! עס טוט וויי!

אירע: אײַ—אײַ—אײַ! רײַס ניט, אידע,
די רויטע רויזן!












# רײַז

| ײַ | | יי | |
|---|---|---|---|
| זײַן | דרײַ | זיי | דריי! |
| בײַ | רײַטן | ביי | ריידן |
| בײַן | װײַט | ביין | װייט |



די רײַטער רײַטן װײַט

| | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | אָ | ● | ● | ד | | ● | ו | וּ | ● | וו |
| ז | ● | ט | ● | י | יי | יי | ● | ● | ● | ● |
| ● | ● | נ | ן | ס | | ע | ● | ● | ● | ● |
| ● | ● | ר | ● | | | | | | | |




טיי



ריי
זיי
דריי

ביי
איי
ביין

עס ווייט א ווינט

# ווּ איז רוווּן?

ווּ איז רוווּן?
ווּ איז רוווּן?
אין דער דירע?
אין דעם סאָד?
זעט א וווּנדער,
זעט א וווּנדער:
אין דער טוווּע
רוווּן — אָט!



| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| וו | ● | וּ | ו | ● |
| ● | ● | ● | ● | ● |
| ● | ● | ● | ● | ע |

# וּ

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ד | ● | ● | אָ | א |
| י | ● | ט | ● | ז |
| ס | ן | נ | ● | ● |
| | ● | ר | ● | ● |



וווּ וווּנדער
וווּנד רוּוון






אונדז    טוט

אונטן    דו






דאָס איז אונדזער אוניווער...





און דאָס איז אונדזער טעאטער ט ו — ט ו — ט ו!




רו, דו, רוען, רוט,

טו, טוט, טוען.



## טוריסטן

ווע־רע, וואָ־ווע, א־נע, זי־נע,
נאָ־טע, ני־נע, נאָ־נע, די־נע —
ער און זי, און זי און ער,
דער און די, און די און דער.
א־רן, נאָ־סן, ני־סן, אי־רע,
זון און ווא־סער — אונ־דזער די־רע,
ווּ א טרא־סע, ווּ אן אָרט —
די טו־ריס־טן דאָ און דאָרט!





# ווען איז דאָס?

רינט א וואסער,
רינט, ווי טרערן,
ווידער נאסער
סעדער ווערן.
די טעראסע איז א נאסע,
נאס די ערד, נאס די נאָז.
ווען איז דאָס?

ווער איז אין דער וואנע?
אין דער וואנע — אנע.

# דאָס איז...



## ווער איז דאָס?



זינע



וואָווע



דינע

## וואָס איז דאָס?



א זאוואָד








וואָרט, ווערטער, ווירע.

ווער, וואָס, ווי, ווינט, ווינטער



אין וו א ? ד

# אין א ראָד!

אין א ראָד,
אין א ראָד!
דינע, זינע —
טראָט אין טראָט!
אנע — דאָ,
דאָ — אראָן,
נאטע, נאָטע,
ניסן, דאָן.
אָט־אָט־אָט,
טראָט אין טראָט —
אין א ראָד,
אין א ראָד!












אנ־טאָן
ני־סן
א־ראָן
אָר־דען



אָט א אָרדען!






נאָ־טע
די־נע
זי־נע
סאָס־נע

אָט איז אנע,
אָט איז נאנע,
דינע איז דאָ,
ריטע איז ניטאָ.



נ א!








טא־טע
ריי־טע
דא־טע
איי־טע
טא־ראס
רא־דיסט
אר־טיסט
טע־א־טער





ריטעס טאטע איז א ראדיסט.
אידעס טאטע איז אן ארטיסט.







אי — ז    איר    זי

אי — ר    דיר    איז

אי — רע    ריר    זיס

— דאָס איז דאָרע?

— דאָס איז — דאָרע,

דאָס איז ראָזע.



דאָס איז אירע. זי איז דאָ.












זי דיר

ד—י—ר די—רע

ד—י—ר—ע די—רעס



**דאָס איז אידע? דאָס איז אידע. זי איז דאָ.**
















דאָס
סאָד
ראָז
רעד
ראָ־זע
זא־רא
דאָ־רע
רא־דא
ראָד
רע־דער
סאָד
סע־דער

**זע, ראָזע, א ראָד!**





# דאָס □ א

| | | | |
|---|---|---|---|
| דאָ | דאָ־רע | ער | אָ־דעס |
| דאָס | רא־דא | דער | אד־רעס |
| סאָד | סאָ־רע | רעד | סע־דער |







# דאָס □ א








דאָ
דאָס
סאָד
ער
דער
עס
דאָ־רע
רא־דא
סאָ־רע
אָ־דעס
אד־רעס
סע־דער












עס, אדע!   א סאָד
















א־דע — דאָ



ע־דא — דאָ

# אלעפבייס

## אלעפבייס



כאיִם ביידער, שימען סאנדלער,
נאָכעם קראוועץ, העשל ראבינקאָוו

# אלעפבייס



באשטעטיקט פונעם אָפטייל פון פאָלקס־בילדונג
פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט
אלס לערנבוך

כאבאראָווסקער ביכער־פארלאג
1982

